# לאָמיר אַלע זינגען

## זאַמלונג פון

## אידישע, העברייאישע און ענגלישע לידער




אידישער מוזיק פאַרבאַנד

ניו יאָרק

ISBN:0-657-13569-0

# לאָמיר אַלע זינגען

זאַמלונג פון

אידישע, העברייאישע און ענגלישע לידער




אידישער מוזיק פאַרבאַנד

ניו יאָרק

# LET'S SING

A Collection of Yiddish, English and Hebrew Songs

**Dedicated to the Memory of**
**MENDY SHAIN**

אַרויסגעגעבן פון

אידישן מוזיק פאַרבאַנד

אין אָנדענק פון מענדי שיין



*Published by the*
JEWISH MUSIC ALLIANCE
1 Union Square West
New York 3, N. Y.

Printed in the U.S.A.

Prompt Printing Press, Inc.

209



מענדי שיין

# פאָרוואָרט

אָט־די זאַמלונג פון אויסגעקליבענע פאָלקס־לידער איז געווידמעט דעם אָנדענק פון מענדי שיין, וועלכער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 47 יאָר, דעם 7טן יוני, 1953, ביים קאָנצערט פון אידישן פאָלקס־כאָר אין נואַרק, נ. דזש., נאָכדעם ווי ער האָט געענדיקט דיריגירן דאָס פאַרטיזאַנער ליד „זאָג ניט קיינמאָל“.

מענדי שיין איז געווען דער זון פון אַ חזן אין שיקאַגאָ. צו 14 יאָר האָט ער שוין אָנגעפירט מיט כאָראַלע גרופּן. צו יענער צייט האָט ער זיך באַקאָנט מיט דעם גרינדער פון ערשטן אידישן אַרבעטער־כאָר אין שיקאַגאָ, יעקב שייפער. פון דאַן אָן האָט ער געווידמעט וויין לעבן דער אידישער געזאַנג־באַוועגונג.

ווען יעקב שייפער האָט געגרינדעט דעם אידישן מוזיק־פאַרבאַנד אין יאָר 1925, האָט מענדי שיין אים בייגעהאָלפן אויף יעדן געביט. פון דאַן אָן האָט מענדי שיין אָנגעפירט מיט כאָרן אין שיקאַגאָ, דעטראָיט, וואַשינגטאָן, פילאַדעלפיע, פּעטערסאָן, נואַרק, ברייטאָן, פאָריער־כאָר און מיטל־שול כאָרן אין ניו יאָרק.

גרויס זיינען געווען מענדי שיינ׳ס פאַרדינסטן פאַרן אידישן מאַסן־געזאַנג מיט וועלכן ער האָט אָנגעפירט יאָרן־לאַנג אין די קעמפּס „ניט־געדאַיגעט״ און „לעיקלענד־קינדערלאַנד״. ניט בלויז האָט ער דאָרט יעדע וואָך צוגעגרייט אַ כאָר פון די געסט און אָנגעשטעלטע, נאָר ער האָט יעדן טאָג געזונגען מיט אַלע אַנוועזנדיקע.

אין צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט מענדי שיין געדינט דריי יאָר צייט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי און זיך אויסגעצייכנט מיט אָנפירן אַרמיי־כאָרן און קאַפּעליעס. אין דעם „אַרמיי טאָג״ פון 1944 האָט ער אין מיאַמי, פלאָרידאַ, אויפגעפירט אוירל ראָבינסאָנ׳ס „באַלאַדע פאַר אַמעריקאַנער״, מיט אַ כאָר פון 500 סאָלדאַטן און אַ קאַפּעליע פון 56.

מיטן טויט פון מענדי שיין האָבן די אידישע פאָלקס־כאָרן אָנגעוואָרן אַן איבערגעגע־בענעם דיריגענט און טוער און דער מוזיק־פאַרבאַנד האָט פאַרלאָרן איינעם פון זיינע געטרייסטע מיטאַרבעטער. זאָל „לאָמיר אַלע זינגען״ זיין אַ ווירדיקער אָנדענק פאַר מענדי שיין און אַן אויסדרוק פון טרייסט צו זיין פרוי מלכה, זייער טעכטערל מארסי און צו די איבעריקע מיט־גלידער פון זיין פאַמיליע.

---

„לאָמיר אַלע זינגען״ איז ניט די ערשטע אויסגאַבע אין פאַרלאַג פון אידישן מוזיק־פאַרבאַנד. אין 1932 איז דערשינען דאָס ערשטע בוך „מיט געזאַנג צום קאַמף״, לידער פאַר געזאַנג און פּיאַנאָ, צוזאַמענגעשטעלט און באַאַרבעט פון יעקב שייפער. אין 1934 — די צווייטע זאַמלונג „געזאַנג און קאַמף״, פיר־שטימיקע לידער, צוזאַמענגעשטעלט און רעדאַגירט פון יעקב שייפער. אין 1935 איז אַרויס נומער דריי „געזאַנג און קאַמף״, לידער פאַר געזאַנג און פּיאַנאָ, רעדאַגירט פון יעקב שייפער. אין 1936 — „געזאַנג און קאַמף״ נומער 4, לידער פאַר כאָר און סאָלאָ, רעדאַגירט און צוזאַמענגעשטעלט פון יעקב שייפער. נאָך שייפערס טויט איז, אין 1937, דערשינען „געזאַנג און קאַמף״, נומער 5, לידער פאַר כאָר און סאָלאָ. אין 1938 האָט מאַקס העלפמאַן רעדאַגירט „געזאַנג און קאַמף״ נומער 6, רעפּערטואַר פאַר כאָר. אין 1939 איז אונטער העלפמאַנ׳ס רעדאַקציע דערשינען „געזאַנג און קאַמף״ נומער 7, היינטצייטיקע כאָר־געזאַנגען. דאָס לעצטע בוך פון דער סעריע „געזאַנג און קאַמף״ נומער 8, איז אַרויס אין 1940, רעדאַגירט פון מאַקס העלפמאַן. אין 1941 איז דערשינען די צווייטע באַנייטע אויפלאַגע פון „זינג־אַ־ליד״, 50 אַרבעטער און פאָלקס לידער, צוזאַמענגעשטעלט פון אַלבערט ביטער.

דער פאַרלאַג פון אידישן מוזיק־פאַרבאַנד האָט אַרויסגעגעבן אַ גרויסע צאָל איינציקע לידער, ווי אויך אָראַטאָריעס פאַר דעם געברויך פון די כאָרן. אין 1939 איז דערשינען אין בוך־פאָרם די אָראַטאָריע „צווי ברידער״, טעקסט פון י. ל. פּרץ, מוזיק פון יעקב שייפער. אין 1952 האָט דער מוזיק־פאַרבאַנד ארויסגעגעבן אַ פּראַכט־אויסגאַבע „איך הער אַ קול״, 22 גע־קליבענע לידער פון יעקב שייפער. דער פאַרבאַנד האָט אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלן קאַטאַלאָג פון אַלע דערשינענע מאַטעריאַלן.

די איצטיקע זאַמלונג „לאָמיר אַלע זינגען״ באַשטייט פון אויסגעקליבענע אידישע, ענג־לישע און ישראל לידער, איינגעטיילט נאָך פאָלגנדיקן אינהאַלט: אַמעריקאַנער אידישע פאָלקס־לידער; אַרבעט, נויט און קאַמף; פּאַרטיזאַנער לידער; ליבע, וויג־לידער; קינדער־לידער און פאַרשיידענע.

דאָס בוך איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון י. א. ראָנטש, מיט דער מיטהילף און קאָ־אָפּעראַציע פון פאָלגנדיקע קאָלעגן: ר. יוקלסאָן, יהודה מאלעק, י. מעסטל, י. פריד און משה ראוך.

דער אידישער מוזיק־פאַרבאַנד דריקט אויס זיין האַרציקן דאַנק צו אַלע פריינט, וואָס האָבן מעגלעך געמאַכט אַרויסצוגעבן דאָס בוך.

**י. א. ראָנטש,**
נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר, אידישער מוזיק פאַרבאַנד

# SHLOF, MAIN KIND

*Words by SHOLEM ALEICHEM*

# שלאָף, מיין קינד

טעקסט: שלום עליכם

SHLOF MAIN KIND MAIN TREIST. MAIN SHEI_NER. SHLOF ZHE LIU, LIU, LIU.

SHLOF MAIN LE_BN MAIN KA_DISH EI_NER. SHLOF ZHE ZU_NE_ NIU.

SHLOF MAIN LE_BN MAIN KA_DISH EI_NER. SHLOF ZHE ZU_NE_ NIU.

Shlof, main kind, main treist, main sheiner,
Shlof-zhe, liu-liu-liu.
Shlof, main lebn, main kadish, einer,
Shlof-zhe zuneniu,

Bai dain vigl zitzt dain mame,
Zingt a lid un veint.
Du vest amol farshtein mistame,
Vos zi hot gemeint.

In Amerike iz der tate,
Dainer, zuneniu,
Du bist noch a kind les-ate,
Shlof-zhe,—liu-liu-liu.

In Amerike iz far yedn,
Zogt men, gor a glik.
Un far yidn, a gan-eidn,
Epes an antik.

Dortn est men in der vochn
Chale, zuneniu,
Yaichelech vel ich dir kochn,
Shlof-zhe, liu-liu-liu.

Er vet shikn tzvantzig doler,
Zain portret dertzu,
Un vet nemen, lebn zol er!
Undz ahintzutzu.

Er vet chapn dich tzu kushn,
Tantzn azh far freid!
Ich vel kvaln trern gisn,
Veinen shtilerheit.

Biz es kumt dos gute kvitl,
Shlof-zhe, zuneniu,
Shlofn iz a taier mitl,
Shlof-zhe, liu-liu-liu.

שלאָף מיין קינד, מיין טרייסט, מיין שיינער,
שלאָף־זשע, ליו־ליו־ליו!
שלאָף מיין לעבן, מיין קדיש איינער,
שלאָף־זשע, זונעניו!

ביי דיין וויגל זיצט דיין מאַמע,
זינגט אַ ליד און וויינט.
דו וועסט אַמאָל פאַרשטיין מסתמא,
וואָס זי האָט געמיינט.

אין אַמעריקע איז דער טאַטע
דיינער, זונעניו,
דו ביסט נאָך אַ קינד לעת־עתה,
שלאָף־זשע, ליו־ליו־ליו.

אין אַמעריקע איז פאַר יעדן,
זאָגט מען, גאָר אַ גליק,
און פאַר אידן אַ גן־עדן,
עפּעס אַן אַנטיק.

דאָרטן עסט מען אינדערוואָכן
חלה, זו־נע־ניו,
יאַיכעלעך וועל איך דיר קאָכן,
שלאָף־זשע, ליו־ליו־ליו.

ער וועט שיקן צוואַנציק דאָלער,
זיין פּאָרטרעט דערצו,
און וועט נעמען, לעבן זאָל ער,
אונדז אַהינצוצו.

ער וועט כאַפּן דיך צו קושן,
טאַנצן אַזש פאַר פרייד,
איך וועל קוואַלן טרערן גיסן,
וויינען שטילערהייט.

ביז עס קומט דאָס גוטע קוויטל,
שלאָף־זשע, זונעניו!
שלאָפן איז אַ טייער מיטל,
שלאָף־זשע, ליו־ליו־ליו!

# A BRIVELE DER MAMEN

*Words by S. SCHMULEVICH*

# אַ בריוועלע דער מאַמען

טעקסט : ס. שמולעוויטש

*Moderato*

MAIN KIND. MAIN TREIST. DU FORST A - VEK. ZE. ZEI A ZUN A GU - TER.

DICH BET MIT TRE - RN UN MIT SHREK. DAIN TRAI - E. LI - BE MU - TER.

DU FORST MAIN KIND. MAIN EIN UN EIN - TZIK KIND. A - RI - BER

VAI - TE YA - MEN. ACH. KUM A - HIN. NOR FRISH GE -

ZUNT. UN NIT FAR - GES DAIN MA - MEN. YO. FOR GE - ZUNT UN

KUM MIT GLIK. ZE YE - DE VOCH A BRI - VL SHIK. DAIN MA - MES

HARTZ. MAIN KIND DER - KVIK. A BRI - VE - LE DER MA - MEN ZOL - STU NIT FAR.

ZA - MEN. SHRAIB GE - SHVIND. LI - BES KIND. SHENK IR DI NE - CHO - ME. DI

MA - ME VET DOS BRI - VE - LE LE - ZN. UN ZI VET GE - NE - ZN.

HEILST IR SHMERTZ. IR BI - TER HERTZ. DER KVIKST IR DI NE - SHO - ME.

מיין קינד, מיין טרייסט, דו פֿאָרסט אַוועק,
זע, זיי אַ זון אַ גוטער.
דיך בעט מיט טרערן און מיט שרעק
דיין טרייע, ליבע מוטער.

דו פֿאָרסט, מיין קינד, מיין איין און איינציג קינד,
אַריבער ווייטע ימ'ען.
אַך! קום אַהין נאָר פֿריש, געזונט
און ניט פֿאַרגעס דיין מאַמען.

יאָ, פֿאָר געזונט און קום מיט גליק.
זע, יעדע וואָך אַ בריוול שיק,
דיין מאַמעס האַרץ, מיין קינד, דערקוויק.

רעפריין:

אַ בריוועלע דער מאַמען,
זאָלסטו ניט פֿאַרזאַמען.
שרייב געשווינד, ליבעס קינד,
שענק איר די נחמה.
די מאַמע וועט דיין בריוועלע לעזן,
און זי וועט גענעזן,
היילסט איר שמאַרץ,
איר ביטער האַרץ,
דערקוויקסט איר די נשמה.

# DI GRINE KUZINE

Words by I. Lazerovich

# די גרינע קוזינע

טעקסט: י. לייזעראָוויטש




Tzu mir is gekumen a kuzine,
Shein vi gold iz zi geven, di grine.
Bekelach vi roite pomerantzn,
Fiselach vos betn zich tzum tantzn.

Herelech, vi zaidn-veb gelokte,
Tzeindelech, vi perelech getokte,
Oigelech, vi himl-bloi in friling,
Lipelech, vi karshelech a tzviling.

Nisht gegangen iz zi, nor geshprungen,
Nisht geredt hot zi, nor gezungen,
Lebedik un freilech yede mine—
Ot aza geven is main kuzine!

Un azoi ariber zainen yorn,
Fun main kuzine iz a tel gevorn,
"Peides" hot zi vochnlang geklibn,
Biz fun ir iz gornisht nit geblibn.

Haint, az ich bagegn main kuzine,
Un ich freg ir: "s'machstu epes, grine?"
Ziftzt zi op, un ch'leien in ir mine:
"Brenen zol Colombus'es medine!"

צו מיר איז געקומען אַ קוזינע,
שיין ווי גאָלד איז זי געווען, די גרינע.
בעקעלעך ווי רויטע פּאָמעראַנצן,
פיסעלעך וואָס בעטן זיך צום טאַנצן.

הערעלעך, ווי זיידן־וועב געלאָקטע,
ציינדעלעך, ווי פּערעלעך געטאָקטע,
אויגעלעך, ווי הימל־בלוי אין פרילינג,
ליפּעלעך, ווי קאַרשעלעך אַ צווילינג.

נישט געגאַנגען איז זי, נאָר געשפּרונגען,
נישט גערעדט האָט זי, נאָר געזונגען,
לעבעדיק און פריילעך יעדע מינע —
אָט אַזאַ געווען איז מיין קוזינע!

און אַזוי אַריבער זיינען יאָרן,
פון קוזינע איז אַ תל געוואָרן,
„פּעידעס" האָט זי וואָכנלאַנג געקליבן,
ביז פון איר איז גאָרנישט ניט געבליבן.

היינט, אַז איך באַגעגן מיין קוזינע,
און איך פרעג איר: „ס'מאַכסטו עפּעס, גרינע?"
זיפצט זי אָפּ, און כ'לייען אין איר מינע:
„ברענען זאָל קאָלאָמבוס'עס מדינה!"

# SHMULIK, GAVRILIK | שמוליק, גאַווריליק

*Con Moto*

SHMU- LIK, GAV- RI- LIK, CHA- VEI- RIM-LACH TZVEI, SHPI-LN ZICH BEI- DE, KAIN
GLAI- CHN TZU ZEI, IN FERD-LACH, MIT SHVERD-LACH, IN ZAMD UN IN ERD.
SHMU- LIK DER SHMAI-SER, GAV- RI- LIK DER FERD. RI- LIK DER FERD.
SHMU- LIK, GAV- RI- LIK, ZEI VAK- SN ZICH OIS. LIGT ZEI IN ZI- NEN A-
ME- RI- KE IZ GROIS, GE- KU- MEN TZU SHVI- MEN TZU GOL- DE- NER
ERD, SHMU- LIK DER SHMAI-SER. GAV- RI- LIK DER FERD.

Shmulik, Gavrilik, chaveirimlech tzvei,
Shpiln zich beide, kain glaichn tzu zei,
In ferdlech, mit shverdlech,
In zamd un in erd,
Shmulik—der shmaiser,
Gavrilik—der ferd.

Shmulik, Gavrilik, zei vaksn zich ois
Ligt zei in zinen Amerike is grois.
Gekumen tzu shvimen tzu der goldener erd,
Shmulik—der shmaiser,
Gavrilik—der ferd.

Shmulik, Gavrilik in goldenem land.
Shmulik—a bosl, Gavrilik—zain hant.
Shmulik in himl,
Gavrilik in der erd.
Shmulik blaibt shmaiser,
Gavrilik blaibt ferd.

Shmulik, Gavrilik, kain fraint shoin nit mer.
Shmulik—a landlord, a yachsn iz er,
Gavrilik zain shochn, in beisment, in der erd—
Shmulik blaibt shmaiser,
Gavrilik der ferd.

שמוליק, גאַווריליק, חברימלעך צוויי,
שפּילן זיך ביידע, קיין גלייכן צו זיי —
אין פערדלעך, מיט שווערדלעך,
אין זאַמד און אין ערד,
שמוליק — דער שמייסער,
גאַווריליק — דער פערד.

שמוליק, גאַווריליק, זיי וואַקסן גיך אויס,
ליגט זיי אין זינען — אַמעריקע איז גרויס.
געקומען צו שווימען
צו דער גאָלדענער ערד —
שמוליק — דער שמייסער,
גאַווריליק — דער פערד.

שמוליק, גאַווריליק אין גאָלדענעם לאַנד;
שמוליק — אַ באָסל, גאַווריליק — זיין „האַנט".
שמוליק — אין הימל,
גאַווריליק — אין דער ערד —
שמוליק בלייבט שמייסער,
גאַווריליק בלייבט פערד.

שמוליק, גאַווריליק, קיין פריינט שוין ניט מער,
שמוליק אַ לענדלאָרד, אַ יחסן איז ער.
גאַווריליק, זיין שכן, אין בעיסמענט, אין דער ערד —
שמוליק בלייבט שמייסער,
גאַווריליק דער פערד.

# MAIN INGELE

Words by MORRIS ROSENFELD

# איך האָב אַ קליינעם אינגעלע

טעקסט: מאָריס ראָזענפעלד

Andante

mf molto esp.

ICH HOB A KLEI_NEM YIN_GE_LE. A-ZU_NE_LE GOR FAIN. VEN ICH DER_ZE IM DUCHT ZICH MIR, DI GAN_TZE VELT IZ MAIN! NOR ZEL_T'N, ZEL_T'N ZE ICH IM MAIN SHEI_NEM, VEN ER VACHT. ICH TREF IM SHTEN_DIK SHLO-FN_DIK. ICH ZE IM NOR BA_NACHT.

Ich hob a kleinem ingele,
A zunele gor fain,
Ven ich derze im, dacht zich mir
Di gantze velt iz main.

Nor zeltn, zeltn ze ich im,
Main sheinem ven er vacht,
Ich tref im imer shlofndik
Ich tref im nor banacht.

Ich kum tzeklemterheit aheim
In finsternish gehilt,
Main bleiche froi dertzeilt mir bald
Vi fain main kind zich shpilt.

Vi zis er redt, vi klug er fregt,
O, mame, gute ma,
Ven kumt un brengt a penny mir
Main guter, guter pa?

איך האָב אַ קליינעם אינגעלע,
אַ זונעלע גאָר פיין,
ווען איך דערזע אים, דאַכט זיך מיר,
די גאַנצע וועלט איז מיין.
נאָר זעלטן, זעלטן זע איך אים,
מיין שיינעם, ווען ער וואַכט,
איך טרעף אים אימער שלאָפנדיק,
איך זע אים נאָר ביינאַכט.

די אַרבעט טרייבט מיך פרי אַרויס
און לאָזט מיך שפעט צוריק.
אָ, פרעמד איז מיר מיין אייגן לייב,
אָ, פרעמד מיין קינדס אַ בליק.
איך קום צעקלעמטערהייט אַהיים
אין פינצטערניש געהילט,
מיין בלייכע פרוי דערציילט מיר באַלד,
ווי פיין דאָס קינד זיך שפילט.

ווי זיס עס רעדט, ווי קלוג עס פרעגט:
„אָ, מאַמע, גוטע מאַ!
ווען קומט און ברענגט אַ פעני מיר
מיין גוטער, גוטער פאַ?"
איך הער עס צו, און וויל, עס מוז,
יאָ, יאָ, עס מוז געשען,
די פאָטער־ליבע פלאַקערט אויף,
עס מוז מיין קינד מיך זען.

דאָ שטייט דיין פאָטער, טייערע,
אַ פעני‌לע דיר, נאַ!
אַ טרוים באַוועגט די ליפעלעך:
„אָ, וואו איז, וואו איז פאַ?"
איך בלייב צעווייטיקט און צעקלעמט,
פאַרביטערט און איך קלער:
ווען דו דערוואַכסט אַמאָל, מיין קינד,
געפינסטו מיך ניט מער.

| | |
|---|---|
| # MAIN RUE PLATZ | # מיין רוע פּלאַץ |
| *Text: MORRIS ROSENFELD* | טעקסט: מאָריס ראָזענפעלד |

*Andante - Con moto*

mf Dm F Gm7 C

NIT ZUCH MICH DORT VU MIR - TN GRI - NEN, GE - FINST MICH DOR - TN NIT MAIN

Dm Bb Am C7

SHATZ; VU LE - BNS VEL - KN BA MA - SHI - NEN. DOR - T'N IZ MAIN RU - E

F Gm7 Dm C Dm

PLATZ. DOR - TN IZ MAIN RU - E PLATZ.

Nit zuch mich dort vu mirtn grinen,
Gefinst mich dortn nit, main shatz.
Vu lebns velkn bai mashinen,
Dortn iz main rue platz.

Nit zuch mich vu di foigl zingen,
Gefinst mich dortn nit, main shatz.
A shklaf bin ich, vu keitn klingen,
Dortn iz main rue platz.

Nit zuch mich vu fontanen shpritzn,
Gefinst mich dortn nit, main shatz.
Vu trern rinen, tzeiner kritzn
Dortn iz main rue platz.

ניט זוך מיך דאָרט, וואו מירטן גרינען!
געפינסט מיך דאָרטן ניט, מיין שאַץ;
וואו לעבנס וועלקן ביי מאַשינען,
דאָרטן איז מיין רוע־פּלאַץ.

ניט זוך מיך, וואו די פויגל זינגען!
געפינסט מיך דאָרטן ניט, מיין שאַץ;
אַ שקלאַף בין איך, וואו קייטן קלינגען,
דאָרטן איז מיין רוע־פּלאַץ.

ניט זוך מיך, וואו פאָנטאַנען שפּריצן!
געפינסט מיך דאָרטן ניט, מיין שאַץ;
וואו טרערן רינען, ציינער קריצן,
דאָרטן איז מיין רוע־פּלאַץ.

און ליבסטו מיך מיט וואַרע ליבע,
טאָ קום צו מיר, מיין גוטער שאַץ!
און הייטער אויף מיין האַרץ, דאָס טריבע,
און מאַך מיר זיס מיין רוע־פּלאַץ.

# VIG LID

# וויג ליד

*Music arr. by JACOB SCHAEFER*

מוזיק אַראַנזשירט פון **יעקב שייפער**

*Andante*

mp Gm molto esp. Ad D Gm Cm

SHLOF MAIN KIND. SHLOF KE - SEI - DER. ZIN - GEN VEL ICH DIR A LID: AZ

F#d7 Gm D Gm Ad D

DU, MAIN KIND, VEST EL - TER VE - RN, VES - TU VI - SN AN

1. D7 Gm 2. D7 Gm

UN - TER - SHID. AZ UN - TER - SHID.

Shlof main kind, shlof keseider,
Zingen vel ich dir a lid,
Az du main kind vest elter vern
Vestu visn an untershid.

Az du main kind vest elter vern,
Vestu vern mit laitn glaich,
Demolst vestu gevor vern,
Vos heist orem un vos heist raich.

Di taierste palatzn, di raichste haizer,
Dos altz macht der oreman,
Nor veistu ver es tut in zei voinen,
Gornit er, nor der raicher man.

Der oreman, er ligt in keler,
Der vilgotsh rint im fun di vent,
Derfun bakumt er remates-feler
In di fis un in di hent.

שלאָף מיין קינד, שלאָף כסדר,
זינגען וועל איך דיר אַ ליד,
אַז דו, מיין קינד, וועסט עלטער ווערן,
וועסטו וויסן אַן אונטערשיד.

אַז דו, מיין קינד, וועסט עלטער ווערן,
וועסטו ווערן מיט לייטן גלייך,
דעמאָלסט וועסטו געוואויר ווערן,
וואָס הייסט אָרעם און וואָס הייסט רייך.

די טייערסטע פּאַלאַצן, די רייכסטע הייזער,
דאָס אַלץ מאַכט דער אָרעמאַן,
נאָר ווייסטו ווער עס טוט אין זיי וואוינען,
גאָרניט ער, נאָר דער רייכער מאַן.

דער אָרעמאַן, ער ליגט אין קעלער,
דער ווילגאָטש רינט אים פון די ווענט,
דערפון באַקומט ער רעמאַטעס־פעלער,
אין די פיס און אין די הענט.

# OT AZOY NEIT A SHNAIDER | אָט אַזוי נייט אַ שניידער

Allegro

mf Gm D7 Gm

OT A - ZOI NEIT A SHNAI - DER. OT A - ZOI NEIT ER DOCH. OT A - ZOI

D7 FINE Gm Bb

NEIT A SHNAI - DER. OT A - ZOI NEIT ER DOCH. NEIT UN NEIT A GAN - TZE VOCH. FAR-

Cm D7 Gm D.C. AL FINE

DINT A GOR - NIT MIT A LOCH.

*Chorus:*
Ot azoy neit a shnaider,
Ot azoy neit er doch!

Er neit un neit a gantze voch,
Fardint a gildn mit a loch!
*(Chorus)*

A shnaider neit un neit un neit,
Un hot kadoches, nit kain broit!
*(Chorus)*

Farayorn, nit haint-gedacht!
Hobn mir gehorevet fun acht biz acht!
*(Chorus)*

Ober di strukzie hot ongemacht,
Mir arbetn shoin mer nit fun acht biz acht!
*(Chorus)*

אָט אַזוי נייט אַ שניידער,
אָט אַוי נייט ער דאָך.

ער נייט און נייט אַ גאַנצע וואָך,
פאַרדינט אַ גילדן מיט א לאָך.

אַ שניידער נייט און נייט און נייט,
און האָט קדחת, ניט קיין ברויט.

פאַראַיאָרן, ניט היינט געדאַכט,
האָבן מיר געהאָרעוועט פון אַכט ביז אַכט.

אָבער די סטרוקציע האָט אָנגעמאַכט,
מיר אַרבעטן שוין מער ניט פון אַכט ביז אַכט.

# BIN ICH MIR A SHNAIDERL | בין איך מיר אַ שניידערל

*Allegro*

*f* Fm

BIN ICH MIR A SHNAI_DE_RL, BIN ICH MIR A SHNAI_DE_RL. LEB ICH MIR TOG

C7 Fm Ab G7 Ab

OIS, TOG AIN, LUS_TIK, FREI_LACH, FAIN. ZOG MIR SHNAI_DE_RL LI_BIN_KER UN GU_TER,

G7 Ab Fm

GIT DIR DI NO_DL GE_NUG AF BROIT MIT PU_TER? ICH MACH A VOCH TZVEI

C7 Fm C7 Fm

GIL_DN MIT A DRAI_ER, ICH ES NOR BROIT, VAIL PU_TER IZ TZU TAI_ER.

Bin ich mir a shnaiderl,
Leb ich mir tog ois, tog ain
Lustik, freilech, fain.

Zog mir, shnaiderl, libinker un guter,
Git dir di nodl genug oif broit mit puter?
Ich mach o voch tzvei gildn mit a draier,
Ich es nor broit, vail puter iz tzu taier.

Bin ich mir a shusterl,
Leb ich mir tog-ois, tog-ain
Lustik, freilech, fain.

Zog mir, shusterl, hostu vos tzu kaien?
Felt dir oiset, hostu vu tzu laien?
Keiner lait nit, keiner git kain orves,
Ich bin a shuster, gei ich take borves.

בין איך מיר אַ שניידערל,
לעב איך מיר טאָג־אויס, טאָג־איין,
לוסטיק, פריילעך, פיין.

זאָג מיר, שניידערל — ליבינקער און גוטער,
גיט דיר די נאָדל גענוג אויף ברויט און פוטער?
איך מאַך אַ וואָך צוויי גילדן מיט אַ דרייער,
איך עס נאָר ברויט, ווייל פוטער איז צו טייער.

בין איך מיר אַ שוסטערל,
לעב איך מיר טאָג־אויס, טאָג־איין,
לוסטיק, פריילעך, פיין.

זאָג מיר, שוסטערל — האָסטו וואָס צו קייען?
פעלט דיר אויסעט, האָסטו וואו צו לייען?
קיינער לייט ניט, קיינער גיט קיין ערבות,
איך בין אַ שוסטער, גיי איך טאַקע באָרוועס.

# ICH BIN A BALEGOLE | איך בין אַ באַלעגאָלע

*Allegro*

mf Bm Em F#

ICH BIN A BA- LE- GO- LE, UN ICH HO- RE- VE ON AN EK, ICH

F#7 Bm F# Em F#

TU MIR OP MAIN ME- LO- CHE UN ICH FOR A- VEK A-

F#7 Em

VEK GE- FO- R'N, A- VEK GE- FO- RN A FU- LE BOID GA- NO- VIM.

F#7

EI- NER SHRAIT, FOR SHOIN GI- CHER, S'FANGT SHOIN ON TZU TO- G'N. A

Em F#7

TZVEI- TER SHRAIT, FOR SHOIN GI- CHER, M'VET UNZ BALD DER- YO- GN.

B

VYO, VYO, VYO, VYO, VYO.

Ich bin a balegole,
Un ich horeve on an ek.
Ich tu mir op main meloche
Un ich for avek.
Avekgeforn, avekgeforn,
A fule boid ganovim.

Einer shrait: "For shoin gicher,
S'fangt shoin on tzu togn."
A tzveiter shrait: "For shoin gicher,
M'vet unz bald deryogn. . . "

Vyo, vyo, vyo, vyo, vyo!

Ich bin a balegole
Un ich horeve on an ek,
Ich shpil mir op mein kleine role,
Un ich for avek.
Avekgeforn, avekgeforn
A fule boid mit veiber.
Zei gragern, zei gragern,
A ruch tzu zeiere laiber!

Vyo, vyo, vyo, vyo, vyo!

איך בין אַ באַלעגאָלע
און איך האָרעווע אָן אַן עק,
איך טו מיר אָפּ מיין מלאכה,
און איך פאָר אַוועק.
אַוועקגעפאָרן, אַוועקגעפאָרן
אַ פולע בויד גנבים.

אײנער שרייט: „פאָר שוין גיכער,
ס'פאַנגט שוין אָן צו טאָגן".
אַ צווייטער שרייט: „פאָר שוין גיכער,
מ'וועט אונדז באַלד דעריאָגן".
וויאָ, וויאָ, וויאָ, וויאָ, וויאָ!

איך בין אַ באַלעגאָלע
און איך האָרעווע אָן אַ עק,
איך שפּיל מיר אָפּ מיין קליינע ראָלע,
און איך פאָר אַוועק.
אַוועקגעפאָרן, אַוועקגעפאָרן
אַ פולע בויד מיט ווייבער.
זיי גראַגערן, זיי גראַגערן,
אַ רוח צו זייערע לייבער!
וויאָ, וויאָ, וויאָ, וויאָ, וויאָ!

# VIGNDIG A FREMD KIND

# זאָלסט אַזוי לעבן און זיין געזונט

Allegro

ZOLST A – ZOI LE – BN UN ZAIN GE – ZINT. VI ICH VEL DIR ZI – TZN UN VI – GN DOS KIND. 1. AI – LIU, LIU. SHA – SHA – SHA. DAIN MA – ME – SHE 'ZGE – GAN – GEN IN 1. GAS A – RAIN.
2. AI – LIU, LIU, SHLOF MAIN KIND. DI MA – ME – SHE VET KU – MEN 2. GICH UN GE – SHVIND.

Zolst azoi lebn un zain gezunt,
Vi ich vel dir zitzn un vign s'kind.

*Chorus:*

Ai-liu-liu, sha-sha-sha!
Dain mameshe z'gegangen in mark arain,
Ai-liu-liu, shlof main kind,
Di mameshe vet kumen gich un geshvind.

Zolst azoi lebn, s'geit mir derinen!
Dain mameshi z'gegangen in gas fardinen.
*(Chorus)*

Andere meidelech tantzn un shpringen
Un ich muz s'kind vign un zingen. *(Chorus)*

Andere meidelech tzukerlech nashn
Un ich muz dem kind's vindelech vashn!

זאָלסט אַזוי לעבן און זיין געזונט,
ווי איך וועל דיר זיצן און וויגן ס'קינד!
אַליו־ליו, שאַ־שאַ־שאַ!
דיין מאַמעשי איז געגאַנגען אין גאַס אַריין,
אַליו־ליו, שלאָף, מיין קינד,
די מאַמעשי וועט קומען גיך און געשווינדט!

זאָלסט אַזוי לעבן . . . ס'ליגט מיר דרינען,
דיין מאַמעשי איז געגאַנגען אין גאַס פאַרדינען.
אַליו־ליו, שאַ־שאַ־שאַ!
דיין מאַמעשי איז געגאַנגען אין גאַס אַריין,
אַליו־ליו, שלאָף מיין קינד,
די מאַמעשי וועט קומען גיך און געשווינדט!

אַנדערע מיידעלעך טאַנצן און שפּרינגען,
און איך מוז דעם קינד וויגן און זינגען!
אַליו־ליו, א. אַז. וו.

אַנדערע מיידעלעך צוקערלעך נאַשן,
און איך מוז דעם קינדס ווינדעלעך וואַשן!
אַליו־ליו א. אַז. וו.

# EIDER ICH LEIG MICH SHLOFN

# איידער איך לייג מיך שלאָפן

*Andante*

mf

G D G Am B7 Em Am D7 G D Em B7 1. Em 2. Em

EI- DER ICH LEIG MICH SHLO- FN, DARF ICH SHOIN OIF- SHTEIN. MIT MAI- NE KRAN- KE BEI- NER TZU DER AR- BET GEIN. TZU GOT VEL ICH VEI- NEN MIT A GROIS GE- VEIN. TZU VOS ICH BIN GE- BOI- RN A NEI- TO- RN TZU ZAIN. TZU ZAIN.

Eider ich leig mich shlofn,
Darf ich shoin oifshtein.
Mit maine kranke beiner
Tzu der arbet gein.

*Chorus:*

Tzu Got vel ich veinen,
Mit a grois gevein!
Tzu vos ich bin geborn
A neitorn tzu zain!

Ich kum shpet tzu der arbet,
S'iz vait der veg—
Shlcgt men mir op
Far halbe teg!

Nodlen vern tzubrochn,
Fuftzn a minut.
Di finger vern tzushtochn,
Es rint fun zei dos blut.

Ich laid shtendik hunger,
Ich hob nisht vos tzu esn.
Vil ich gelt betn,
Heist men mir fargesn!

איידער איך לייג מיך שלאָפן,
דאַרף איך שוין אויפשטיין,
מיט מיינע קראַנקע ביינער
צו דער אַרבעט גיין.

צו גאָט וועל איך וויינען
מיט אַ גרויס געוויין:
צו וואָס איך בין געבוירן
אַ נייטערין צו זיין!

כ׳קום שפּעט צו דער אַרבעט,
ס׳איז ווייט דער וועג,
שלאָגט מען מיר אָפּ
פאַר האַלבע טעג.

נאָדלען ווערן צעבראָכן,
פופצן אַ מינוט,
די פינגער ווערן צעשטאָכן,
ס׳רינט פון זיי דאָס בלוט.

קיין שום אַרבעט איז אַזוי נישט שלעכט,
ס׳קאָן אַזוי ניט שאַטן,
נאָר פון אונדזער שווערער אַרבעט
קריגן מיר רעמאַטן.

איך לייד שטענדיק הונגער,
כ׳האָב נישט וואָס צו עסן,
וויל איך געלט בעטן,
הייסט מען מיר פאַרגעסן.

# BA MAIN MAMEN

# בײַ מײַן מאַמען

Con Moto

BA MAIN MA-MEN BIN ICH GE-VEN CHO-SHEV UN TAI-ER, CHO-SHEV UN TAI-ER. A-ZOI VI BA AN O-RE-MAN AN EIN-TZI-GER DRAI-ER. AZ OCH UN VEI, UN VEI TZU MAI-NE YO-R'N, TZ'VOS ICH HOB BA-DARFT FUN DER HEIM A-VEK TZU-FO-R'N. AZ FO-RN

Ba main mamen bin ich geven
Choshev un taier, choshev un taier,
Azoi vi ba an oriman an eintziker draier,
Az och un vei, oi, vei tzu maine yorn,
Tzu vos ich hob badarft fun der heim avek-
tzuforn. (2)

Ich zog der baleboste:
Git mir epes esn. (2)
Zi dreit zich, zi dreit zich,
Zi meint ich vel fargesn.
Az och un vei, etc.

Ich zog der baleboste:
Git mir chotch teigelech, (2)
Zi dreit zich, zi dreit zich,
Zi macht zich abisl toiblech,
Az och un vei, etc.

Di baleboste git mir esn,
Zogt zi: es un gedenk.
Un in hartzn tracht zi zich—
Esn zolstu a krenk.
Az och un vei, etc.

בײַ מײַן מאַמען בין איך געװען
חשוב און טײַער, חשוב און טײַער,
אַזױ װי בײַ אַן אָרעמאַן אַן אײנציקער דרײַער.

אַז אָך און װײ, אױ װײ צו מײַנע יאָרן,
צו װאָס האָב איך באַדאַרפט פון דער הײם אַװעק־
צופאָרן.

איך זאָג דער באַלעבאָסטע:
— גיט מיר עפּעס עסן, גיט מיר עפּעס עסן!
זי דרײט זיך, זי דרײט זיך,
זי מײנט, איך װעל פאַרגעסן.

אַז אָך און װײ . . .

איך זאָג דער באַלעבאָסטע:
גיט מיר כאָטש טײגעלעך, גיט מיר כאָטש
טײגעלעך!
זי דרײט זיך, זי דרײט זיך,
זי מאַכט זיך אַביסל טױבלעך,
אַז אָך און װײ . . .

די באַלעבאָסטע גיט מיר עסן,
זאָגט זי: „עס און געדענק".
און אין האַרצן טראַכט זי זיך —
עסן זאָלסט אַ קרענק.

אַז אָך און װײ . . .

# S'FALT A SHNEI | ס'פאַלט אַ שניי

Con Moto

IN DROI - SN GEIT A RE - GN. IN DROI - SN GEIT A RE - GN. UN SE FALT A

SHNEI. A SHNEI MAI - NE YUN - GE YO - RN HOB ICH ON - GE - VO - RN

ZI - TZN - DIK SHTEN - DIK BAM GE - NEI.

In droisn geit a regn
Un se falt a shnei, a shnei.
Maine yunge yorn hob ich ongevorn,
Zitzndik shtendik bam genei.

S'falt a shnei, s'falt a shnei,
Tog un nacht, tog un nacht,
Nor ich nei, nor ich nei.

Tog azoi vi nacht, tog azoi vi nacht.
Mit der nodl geshtochn,
Shtendik mit der nodl geshtochn.
Ch'hob shoin nit kain gantze beiner,
Zei zainen in mir ale tzebrochn.

S'falt a shnei, s'falt a shnei.
Tog un nacht nor ich nei.

אין דרויסן גייט אַ רעגן,
אין דרויסן גייט אַ רעגן,
און סע פֿאַלט אַ שניי, אַ שניי.
מיינע יונגע יאָרן האָב איך אָנגעוואָרן
זיצנדיק שטענדיק ביים גענײ.

ס'פאַלט אַ שניי, ס'פאַלט אַ שניי.
טאָג און נאַכט, טאָג און נאַכט,
נאָר איך ניי, נאָר איך ניי.

טאָג אַזוי ווי נאַכט, טאָג אַזוי ווי נאַכט,
מיט דער נאָדל געשטאָכן,
שטענדיק מיט דער נאָדל געשטאָכן.
כ'האָב שוין ניט קיין גאַנצע ביינער —
זיי זיינען אין מיר אַלע צעבראָכן.

ס'פאַלט אַ שניי, ס'פאַלט אַ שניי,
טאָג און נאַכט, נאָר איך ניי.

# HEMERL, HEMERL KLAP!

*Text: A. Raizen* *Music: Bernstein*

# העמערל

טעקסט: א. רייזען .מוזיק: א. בערנשטיין

*Moderato*

OH. HE ME RL HE - ME - RL KLAP SHLOG SHTAR - KER A
TSHVOK NOCH A TSHVOK KAIN BROIT IZ IN SHTUB SHOIN NI - TO.
NOR TZO - RES UN LAID ON AN EK. KAIN BROIT IZ IN
SHTUB SHOIN NI - TO. NOR TZO - RES UN LAID ON AN EK.

O, hemerl, hemerl, klap!
Shlog shtarker a tshvok noch a tshvok!
Kain broit iz in shtub shoin nito,
Nor tzores un laid on an' ek!

O, hemerl, hemerl, klap!
Der zeiger, er shlogt shoin bald tzvelf,
Di oign, zei machn zich tzu.
Gib koiches, o, Goteniu, helf!

O, hemerl, hemerl, klap!
Shlog shtarker di tshvekes, shlog gich
Biz morgen muz fartik shoin zain
Der gvirntes techterl's shich.

O, hemerl, hemerl, klap!
Nit glitsh fun main hant zich arois!
Main eintziker shpaizer bistu,
Fun hunger on dir gei ich ois!

אָ, העמערל, העמערל, קלאַפּ!
שלאָג שטאַרקער אַ טשוואָק נאָך אַ טשוואָק.
קיין ברויט איז אין שטוב שוין ניטאָ,
נאָר צרות און לייד אָן אַן עק.

אָ, העמערל, העמערל, קלאַפּ!
דער זייגער, ער שלאָגט שוין באַלד צוועלף,
די אויגן זיי מאַכן זיך צו,
גיב כוחות, אוי, גאָטעניו העלף.

אָ, העמערל, העמערל, קלאַפּ!
שלאָג שטאַרקער די טשוועקעס, שלאָג גיך.
ביז מאָרגן מוז פאַרטיק שוין זיין,
דער גבירה'טעס טעכטערל'ס שיך.

אָ, העמערל, העמערל, קלאַפּ!
ניט גליטש פון מיין האַנט זיך אַרויס,
מיין איינציקער שפּייזער ביסטו,
פון הונגער, אָן דיר, גיי איך אויס.

# DRAI NEITORNS

Text: I. L. PERETZ

# דריי נייטערינס

טעקסט: י. ל. פּרץ

*Andante*

mf Gm D Gm F

DI OI - GN ROIT DI LI - PN BLOI, KAIN TRO - PN BLUT IN BAK NI - TO, DER

Bb Cm D7 Gm

SHTE - RN BLAS, BA - DEKT MIT SHVEIS, DER O - TEM OP - GE - HAKT UN HEIS, ES

Cm Gm

ZI - TZN DRAI MEID - LECH UN NEI - EN.

Di oign roit, di lipn blo,
Kain tropn blut in bak nito,
Der shtern blas, badekt mit shveis,
Der otem opgehakt un heis,
Es zitzn drai meidlech un neien.

Di nodl—blank, der laivnt—shnei,
Un eine tracht: Ich nei un nei,
Ich nei batog, ich nei bainacht,
Kain chupe-kleid zich nisht gemacht!
Vos kumt arois, az ich nei?

Nisht ich shlof un nisht ich es . . .
Ich volt gegebn oif Mayer Balnes,
Efsher volt er zich gemit:
An almen chotch, an altn yid
Mit kinderlech a shok.

Di tzveite tracht: Ich nei un shtep;
Ich shtep mir ois nor groie tzep.
Der kop—er brent, in shleif—hakt,
Un di mashin klapt-tzu tzum takt.
Ta-ta, ta-ta, ta-ta!

Ich farshtei doch yenems vunk!
On a chupe, on a ring,
Volt geven a shpil, a tantz,
A libe oif a yor a gantz,
Nor, dernoch, dernoch?

Di drite shpait mit blut un zingt:
Ich nei mir krank, ich nei mir blind,
Es tzvikt di brust bei yedn shtoch . . .
Un er hot chasene di voch!
Ich vintsh im nisht kein shlechts.

Et, fargesn vos amol!
Tachrichim vet mir gebn kohl,
Oich a kleintchik pitzl erd,
Ich vel ruen umgeshtert,
Ich vel shlofn, shlofn.

די אויגן רויט, די ליפּן בלוי,
קיין טראָפּן בלוט אין באַק נישטאָ,
דער שטערן בלאַס, באַדעקט מיט שווייס,
דער אָטעם אָפּגעהאַקט און הייס —
עס זיצן דריי מיידלעך און נייען.

די נאָדל — בלאַנק, דער לייוונט — שניי,
און איינע טראַכט: איך ניי און ניי,
איך ניי בייטאָג, איך ניי ביינאַכט,
קיין חופּה־קלייד זיך נישט געמאַכט!
וואָס קומט אַרויס, אַז איך ניי?

נישט איך שלאָף און נישט איך עס . . .
איך וואָלט געגעבן אויף מאיר בעל־נס,
אפשר וואָלט ער זיך געמיט:
אַן אלמן כאָטש, אַן אַלטער איד
מיט קינדערלעך אַ שאָק.

די צווייטע טראַכט: איך ניי און שטעפּ,
איך שטעפּ מיר אויס נאָר גרויע צעפּ!
דער קאָפּ — ער ברענט, אין שלייף — האַקט,
און די מאַשין קלאַפּט צו צום טאַקט:
טאַ־טאַ, טאַ־טאַ, טאַ־טאַ.

איך פֿאַרשטיי דאָך יענעמס וואונק!
אָן אַ חופּה, אָן אַ רינג,
וואָלט געווען אַ שפּיל, אַ טאַנץ,
אַ ליבע אויף אַ יאָר אַ גאַנץ!
נאָר דערנאָך, דערנאָך?

די דריטע שפּייט מיט בלוט און זינגט:
איך ניי מיר קראַנק, איך ניי מיר בלינד,
עס צוויקט די ברוסט ביי יעדן שטאָך,
און ער האָט חתונה די וואָך!
איך ווינטש אים נישט קיין שלעכטס.

עט, פֿאַרגעסן וואָס אַמאָל! . . .
תכריכים וועט מיר געבן קהל,
אויך אַ קליינטשיק פּיצל ערד,
איך וועל רוען אומגעשטערט.
איך וועל שלאָפן, שלאָפן . . .

# HULIET, HULIET, BEYZE VINTN!

*Text: A. RAIZEN*

# הוליעט, הוליעט בייזע ווינטן

טעקסט: א. רייזען

*Moderato*

HU- LIET. HU- LIET. BEI- ZE VIN - TN. FRAI BA - HERSHT DI VELT! RAIST DI TZVAI - GN
FUN DI BEI- MER, TUT VOS AICH GE - FELT.

Huliet, huliet, beyze vintn!
Frai bahersht di velt.
Raist di tzvaign fun di beimer,
Tut vos aich gefelt.

Traybt di foigl fun di velder,
Un fariogt zei fort!
Di vos konen vait nit flien—
Toit zey oifn ort!

Raist di lodn fun di fenster,
Shoibn brecht arois!
Brent a lichtl ergetz tunkl—
Lesht mit tzorn ois!

Huliet, huliet, beyze vintn!
Itzt is aier tzait—
Lang vet doiern der vinter,
Zumer iz noch vait . . .

הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן,
פריי באהערשט די וועלט!
רייסט די צווייגן פון די ביימער,
טוט וואס אייך געפעלט.

טרייבט די פייגל פון די וועלדער
און פאריאגט זיי פארט!
די וואס קאנען ווייט ניט פליען,
טויט זיי אויפן ארט.

רייסט די לאדן פון די פענצטער,
שויבן ברעכט ארויס!
ברענט א ליכטל ערגעץ טונקל,
לעשט מיט צארן אויס.

הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן,
איצט איז אייער צייט!
לאנג וועט דויערן דער ווינטער,
זומער איז נאך ווייט.

# IN DEM LAND FUN PIRAMIDN

# אין דעם לאַנד פון פּיראַמידן

*Text: D. EDELSHTAT*

טעקסט: ד. עדעלשטאַט

*Moderato*

IN DEM LAND FUN PI- RA - MI- DN, Z'GE - VEN A KE - NIG BEIZ UN SHLECHT.
ZAI- NEN DORT GE - VEN DI YI - DN. ZAI - NE DI - NER ZAI - NE KNECHT.
ZAI - NEN DORT GE - VEN DI YI - DN, ZAI - NE DI - NER ZAI - NE KNECHT.

In dem land fun piramidn,
Z'geven a kenig—beiz un shlecht.
Zainen dortn geven di yidn—
Zaine diner, zaine knecht.

Shver hot zei geplogt der kenig,
Laidn hot dos folk gemuzt,
Vail es hot farshtanen veinik—
Veinik mut farmogt in brust.

Knetn leim un shlepn tzigl,
Boien shleser hoich un raich.
Bizn keiver, funem vigl—
Knecht geven mit hint tzuglaich.

Pitzlech kinder aingemoiert,
Ven a tzigl hot gefelt,
Ach, vi lang es volt gedoiert,
Ot di viste shklafn velt!

O, ven in land fun piramidn,
Volt nit geven kain shtarker held,
Vos hot gekemft far ale Yidn,
Mit zain chochme, mit zain shverd!

אין דעם לאַנד פון פּיראַמידן,
ז'געווען אַ קעניג — בייז און שלעכט.
זיינען דאָרטן געווען די אידן —
זיינע דינער, זיינע קנעכט.

שווער האָט זיי געפּלאָגט דער קעניג,
לײדן האָט דאָס פאָלק געמוזט,
ווייל עס האָט פאַרשטאַנען ווייניק —
ווייניק מוט פאַרמאָגט אין ברוסט.

קנעטן ליים און שלעפּן ציגל,
בויען שלעסער הויך און רייך;
ביזן קבר, פונעם וויגל —
קנעכט געווען מיט הינט צוגלייך.

פּיצלעך קינדער איינגעמויערט,
ווען אַ ציגל האָט געפעלט.
אַך, ווי לאַנג עס וואָלט געדויערט,
אָט די וויסטע שקלאַפן־וועלט!

אָ, ווען אין לאַנד פון פּיראַמידן,
וואָלט ניט געווען קיין שטאַרקער העלד,
וואָס האָט געקעמפט פאַר אַלע אידן,
מיט זיין חכמה, מיט זיין שווערד!

# VACHT OIF!

Text: D. EDELSHTAT

# וואַכט אויף

טעקסט: ד. עדעלשטאַט

March Tempo

f G D7 G

VI LANG, OH, VI LANG VET IR BLAI-BN NOCH SHKLA-FN UN TRO-GN DI SHEND-LA-CHE

D G Am7 D7 G D7

KEIT? VI LANG VET IR GLEN-TZEN-DE RAICH-TI-MER SHA-FN FAR DEM VOS BA-ROIBT AI-ER

G

BROIT?

Vi lang, o, vi lang, vet ir blaibn noch shklafn
Un trogn di shendleche keit?
Vi lang vet ir glentzende raichtimer shafn
Far dem vos baroibt aier broit?

Preidikt di fraihait fun kamf barikadn!
Derklert di tiranen a krig!
Mut un antshlosnkait, brave kameradn,
Veln aich firn tzum zig!

Un ales vet lebn un libn un blien
In fraihait goldenem mai!
Brider! Genug far tiranen tzu knien,
Shvert, az ir muzt vern frai!

Klingt iberal in di fraihait glokn,
Farzamlt di laidnde knecht!
Kemft bagaistert, kemft umdershrokn
Far aiere heilike recht!

ווי לאַנג, אָ, ווי לאַנג וועט איר בלייבן נאָך שקלאַפן
און טראָגן די שענדלעכע קייט?
ווי לאַנג וועט איר גלענצנדע רייכטימער שאַפן
פאַר דעם וואָס באַרויבט אייער ברויט?

פּריידיקט די פרייהייט פון קאַמף־באַריקאַדן,
דערקלערט די טיראַנען אַ קריג!
מוט און אַנטשלאָסנקייט, בראַווע קאַמעראַדן,
וועלן אייך פירן צום זיג!

און אַלעס וועט לעבן און ליבן און בליען
אין פרייהייט׳ס גאָלדענעם מאַי!
ברידער, גענוג פאַר טיראַנען צו קניען,
שווערט, אַז איר מוזט ווערן פריי!

קלינגט איבעראַל אין די פרייהייטס־גלאָקן,
פאַרזאַמלט די ליידנדע קנעכט!
קעמפט באַגייסטערט, קעמפט אומדערשראָקן
פאַר אייערע הייליקע רעכט.

# MAIN TZAVOE

*Text: DAVID EDELSHTAT*

# מיין צוואה

טעקסט : דוד עדעלשטאַט

*Andante*

mp Em B7 Em B7 Em

OH, GU- TE FRAINT, VEN ICH VEL SHTAR- BN, TROGT TZU MAIN KEI- VER,

B7 Em E7 Am

TZU MAIN KEI- VER UN- ZER FON. DI FRAI- E FON MIT ROI- TE

Em

FAR- BN. BA- SHPRITZT MIT BLUT FUN AR- BET- MAN.

O, gute fraint, ven ich vel shtarbn,
Trogt tzu main keiver unzer fon.
Di fraie fon, mit roite farbn,
Bashpritzt mit blut fun arbetsman.

Un dort, unter der fon der roiter,
Zingt mir main lid, main fraie lid;
Main lid "In Kamf," vos klingt vi keitn
Fun dem farshklaftn Krist un Yid.

Oich in main keiver vel ich hern
Main fraye lid, main shturim lid.
Oich dort vel ich fargisn trern
Far dem farshklaftn Krist un Yid.

Un ven ich her di shverdn klingen,
In letztn kamf fun blut un shmartz—
Tzum folk vel ich fun keiver zingen
Un vel bagaistern zain hartz.

אָ, גוטע פריינט, ווען איך וועל שטאַרבן,
טראָגט צו מיין קבר אונדזער פאָן, —
די פרייע פאָן מיט רויטע פאַרבן,
באַשפּריצט מיט בלוט פון אַרבעטמאַן!

און דאָרט, אונטער דער פאָן דער רויטער,
זינגט מיר מיין ליד, מיין פרייע ליד!
מיין ליד „אין קאַמף", וואָס קלינגט ווי קייטן
פון דעם פאַרשקלאַפטן קריסט און איד.

אויך אין מיין קבר וועל איך הערן
מיין פרייע ליד, מיין שטורעם־ליד,
אויך דאָרט וועל איך פאַרגיסן טרערן
פאַר דעם פאַרשקלאַפטן קריסט און איד!

און ווען איך הער די שווערדן קלינגען
אין לעצטן קאַמף פון בלוט און שמאַרץ —
צום פאָלק וועל איך פון קבר זינגען
און וועל באַגייסטערן זיין האַרץ!

# ES RIRT ZICH

*Text: M. VINTCHEVSKY*

# עס רירט זיך

טעקסט: מ. ווינטשעווסקי

*March Tempo*

f G D7 G Em G

HERT IR KIN - DER, VI ES RIRT ZICH, VI ES RIRT ZICH I - BE - RAL, VI DER

Am7 D7 G D7 G

AR - BET - MAN MUSH - TIRT ZICH TZU DEM KAMF MIT KA - PI - TAL. TZU DEM

Em D A7 D Am7

TOIT KAMF MI - T'N SHIN - DER, MI - T'N G'VIR, DEM GELT TI - RAN. HERT IR VI ES RIRT ZICH,

D7 G D7 G

KIN - DER, DER BA - ROIB - TER AR - BET - MAN.

Hert ir, kinder, vi es rirt zich,
Vi es rirt zich iberal,
Vi der arbetsman mushtirt zich,
Tzu dem kamf mit kapital?
Tzu dem toit-kamf mitn shinder,
Mitn gvir, dem gelt-tiran?
Hert ir, vi es rirt zich, kinder,
Der baroibter arbetsman?

Kinder, shoin genug genosn
Hot der raicher aldos guts.
Blut genug hot er fargosn,
Aier blut tzulib zain nutz.
Kinder, marsh! tzum kamf geshvinder,
Mit der fon der roiter shpant!
Ir zait zaine brider, kinder,
Un er ruft, der arbetsman!

הערט איר, קינדער, ווי עס רירט זיך,
ווי עס רירט זיך איבעראַל?
ווי דער אַרבעט־מאַן מושטירט זיך
צו דעם קאַמף מיט קאַפּיטאַל?
צו דעם טויט־קאַמף מיטן שינדער,
מיטן גביר, דעם געלט־טיראַן?
הערט איר, ווי עס רירט זיך, קינדער,
דער באַרויבטער אַרבעט־מאַן?

הערט איר, קינדער, ווי עס רירט זיך,
שפּירט איר, אַז דער סוף קומט אָן?
פֿאָרווערטס, קינדער! עס מאַרשירט זיך
לוסטיק ביי דער רויטער פֿאָן!
פֿרייהייט איז דער הערצער־צינדער,
אָן טראָמייט און באַראַבאַן,
זיינע ברידער, זעט איר, קינדער,
גייט באַפֿרייען דער אַרבעט־מאַן.

קינדער, שוין גענוג גענאָסן
האָט דער רייכער אַלדאָס גוטס,
בלוט גענוג האָט ער פֿאַרגאָסן,
אייער בלוט צוליב זיין נוץ.
קינדער, מאַרש! צום קאַמף געשווינדער!
מיט דער פֿאָן דער רויטער שפּאַנט!
איר זייט זיינע ברידער, קינדער,
און ער רופֿט, דער אַרבעט־מאַן!

# CHANUKA LICHT

*Text: MORRIS ROSENFELD*

*Music: LEO LOW*

# אָ, איר קליינע ליכטעלעך

טעקסט: מאָריס ראָזענפעלד

מוזיק: לעאָ לאָוו

*Allegro*

mf Dm C F Gm A Gm A7 Dm D D7 Gm C C7 F

OH, IR KLEI - NE LICH - TE - LECH. IR DER - TZEILT GE - SHICH - TE - LECH,
MAI - SE - LECH ON A TZOL. MAI - SE - LECH ON A TZOL. IR DER - TZEILT FUN
BLU - TI - KAIT. HEL - DISH - KAIT UN MU - TI - KAIT. VUN - DER FUN A -
MOL, VUN - DER FUN A . __ MOL.

Oh, ir kleine lichtelach!
Ir dertzeilt geshichtelach,
Maiselach on o tzol. (2)
Ir dertzeilt fun blutikait
Beryeshaft un mutikait,
Wunder fun amol.

Ven, ich ze aich pintlendik,
Kumt a cholem finklendik,
Redt an alter troim. (2)
Yid, du host gekrigt amol,
Yid, du host gezigt amol,
Ach, dos gloibt zich koim!

אָ, איר קליינע ליכטעלעך,
איר דערציילט געשיכטעלעך,
מעשה׳לעך אָן אַ צאָל.
איר דערציילט פון בלוטיקייט,
העלדישקייט און מוטיקייט —
וואונדער פון אַמאָל.

ווען איך זע אייך פינטלענדיק,
קומט אַ חלום פינקלענדיק,
רעדט אַן אַלטער טרוים:
איד, דו האָסט געקריגט אַמאָל,
איד, דו האָסט געזיגט אַמאָל —
אַך, דאָס גלויבט זיך קוים!

# HIRSH LEKERT

# הירש לעקערט

*Moderato*

VI HIRSH - KE IZ FUN SHTUB A - ROIS - GE - GAN - GEN. GE - ZOGT HOT ER A
GU - TIN - KE NACHT. VI HIRSH - KE IZ TZUM TA - TER TZU GE -
GAN - GEN. A KLEI - NE VAI - LE HOT ER DORT FAR - BRACHT. VI
HIRSH - KE IZ TZUM TA - TER TZU - GE - GAN - GEN. A KLEI - NE VAI - LE HOT
ER DORT FAR - BRACHT.

Vi Hirshke is fun shtub aroisgegangen
Gezogt hot er: A gutinke nacht.
Vi Hirshke is tzum teater tzugegangen
A kleine vaile hot er dort farbracht.

Vi der gubernater iz fun teater aroisgegangen
Mit an oig hot er gevorfn gantz vait.
Do hot Hirshke dem revolver aroisgetzoign
Un geshosn dem gubernater in a zait.

Vi m'hot nor Hirshken arestirt
N'farlangt er zol dem emes aroiegsbn.
"Avek, ir shrekleche merder!
Ch'hob gevolt der tiran zol nit lebn.

Ay, brider, ir zolt zich nit dershrekn
Dem shtrik vos m'hot farvorfn oif mir.
Az main froi vet a zun geboirn
A nomen zolt ir im gebn noch mir.

Ay, brider, ir zolt mich nit fargesn,
Di velt vet mit mir noch tun klingen.
Fun di tiranen nekome zolt ir nemen,
Un a lid fun mir zolt ir zingen . . . "

ווי הירשקע איז פון שטוב ארויסגעגאַנגען,
געזאָגט האָט ער: „אַ גוטינקע נאַכט".
ווי הירשקע איז צום טעאַטער צוגעגאַנגען,
אַ קליינע ווײַלע האָט ער דאָרט פאַרבראַכט.

ווי דער גובערנאַטאָר איז פון טעאַטער ארויס־
געגאַנגען,
מיט אַן אויג האָט ער געוואָרפן גאַנץ ווייט;
דאָ האָט הירשקע דעם רעוואָלווער ארויסגעצויגן
און געשאָסן דעם גובערנאַטאָר אין אַ זייט.

ווי מ'האָט נאָר הירשקען ארעסטירט,
נ'פאַרלאַנגט ער זאָל דעם אמת ארויסגעבן.
„אוועק, איר שרעקלעכע מערדער!
כ'האָב געוואָלט דער טיראַן זאָל ניט לעבן".

„איי, ברידער, איר זאָלט זיך ניט דערשרעקן,
דעם שטריק וואָס מ'האָט פאַרוואָרפן אויף מיר;
אַז מיין פרוי וועט אַ זון געבוירן,
אַ נאָמען זאָלט איר געבן נאָך מיר".

„איי, ברידער, איר זאָלט מיך ניט פאַרגעסן,
די וועלט וועט מיט מיר נאָך טאָן קלינגען;
פון די טיראַנען נקמה זאָלט איר נעמען
און אַ ליד פון מיר זאָלט איר זינגען".

# IN DER KUZNIE

# אין דער קוזניע

Moderato

IN DER KUZ-NIE BA DEM FAI- ER, SHTEIT A SHMI-DER UN ER SHMIDT. ER KLAPT DOS
AI- ZN FUN-KEN FAI-ER FLI- EN, UN ER ZINGT DER-BAI A LID. ER KLAPT DOS
AI- ZN FUN-KEN FAI-ER FLI- EN, UN ER ZINGT DER-BAI A LID.

In der kuznie, ba dem faier,
Shteit a shmider un er shmidt,
Er klapt dos aizn, funken faier flien
Un er zingt derbai a lid.

Fun der fraihait vos vet kumen
Zingt er mutik, zingt er heis.
Un er shpirt nit vi es gist zich
Fun zain ponim taichn shveis.

אין דער קוזניע ביי דעם פייער,
שטייט דער שמידער און ער שמידט,
ער קלאַפּט דאָס אייזן, פונקען פייער שפּריצן,
און ער זינגט דערביי אַ ליד;

פון דער פרייהייט וואָס וועט קומען,
זינגט ער מוטיק, זינגט ער הייס,
און ער שפּירט ניט, ווי עס גיסט זיך,
פון זיין פּנים טייכן שוויים.

# HEY! DZHANKOE

# דזשאַנקויע

*Allegro*

mf Em — Am — Em

AZ ME FORT KAIN SE - VAS - TO - POL, IZ NIT VAIT FUN SIM - FE - RO - POL.

Am — B7 — Em

DOR - TN IZ A STAN - TZI - E FA - RAN. VER DARF ZU - CHN NAI - E GLI - KN,

Am — Em — Am — B7 — E — Am

S'IZ A STAN - TZIE AN AN - TI - KL, IN DZHAN - KO - YE, DZHAN, DZHAN, DZHAN. HEI, DZHAN,

D — G — Am — Em — Am — B7 — Em

HEI DZHAN KO - YE. HEI, DZHAN - VI - LI, HEI DZHAN - KO - YE, HEI DZHAN - KO - YE, DZHAN, DZHAN, DZHAN.

Az men fort kain Sevastopol,
Iz nit vait fun Simferopol,
Dortn iz a stantzie faran,
Ver darf zuchn naie glikn?
S'iz a stantzie an antikl,
In Dzhankoye, Dzhan, Dzhan, Dzhan.

*Chorus:*

Hei, dzhan, ei, Dzhankoie, hei, Dzhan vili,
Hey, Dzhankoye, hey, Dzhankoye,
Dzhan, dzhan, dzhan, dzhan, dzhahan.

Entfert yiddn oif main kashe,
Vu'z main bruder, vu'z Abrashe?
S'geit ba im der trakter vi a bahn.
Di mume Laye ba der kasilke,
Beyle ba der malatilke
In Dzhankoye, dzhan, dzhan, dzhan . . .

אַז מען פֿאָרט קיין סעוואַסטאָפּאָל,
איז ניט ווייט פֿון סימפֿעראָפּאָל,
דאָרטן איז אַ סטאַנציע פֿאַראַן,
ווער דאַרף זוכן נייע גליקן?
ס'איז אַ סטאַנציע אַן אַנטיקל,
אין דזשאַנקויע, דזשאַן, דזשאַן, דזשאַן.

העי, דזשאַן, העי, דזשאַנקויע,
העי, דזשאַנווילי, העי, דזשאַנקויע,
העי, דזשאַנקויע, דזשאַן, דזשאַן.

ענטפֿערט, אידן, אויף מיין קשיה,
וואו'ז מיין ברודער, וואו'ז אַבראַשע?
ס'גייט ביי אים דער טראַקטאָר ווי אַ באַן.
די מומע לאה ביי דער קאָסילקע,
ביילע ביי דער מאָלאָטילקע,
אין דזשאַנקויע, דזשאַן, דזשאַן.

העי, דזשאַן, העי, דזשאַנקויע,
העי, דזשאַנווילי, העי, דזשאַנקויע,
העי, דזשאַנקויע, דזשאַן, דזשאַן.

# KEGN GOLD FUN ZUN | קעגן גאָלד פון זון

*Andante*

KE - GN GOLD FUN ZUN GEIT OIF MAIN GOLD FUN VEI - TZN.
KE - GN GOLD FUN ZUN GEIT OIF MAIN GOL - DIK GLIK.
NAI - E HO - RI - ZON ——— TN RU - FN MICH UN REI - TZN.
NAI - E LI - DER ZING ICH YI - DI. SHER MU - ZHIK.

Kegn gold fun zun, geit oif main gold fun veitzn,
Kegn gold fun zun, geit oif main goldn glik.
Naie horizontn rufn mich un reitzn,
Naie lider zing ich, Yidisher mushzik.

Geit di arbet freilech, fun gantzfri biz ovnt,
Zun iz main hudok un feld iz main fabrik.
Nechtn shcheinim vaite, haint shoin azoi nont,
Ukrainer poier, Yidisher muzhik.

קעגן גאָלד פון זון גייט אויף מיין גאָלד פון ווייצן,
קעגן גאָלד פון זון גייט אויף מיין גאָלדן גליק.
נייע האָריזאָנטן רופן מיך און רייצן,
נייע לידער זינג איך, — אידישער מוזשיק.

גייט די אַרבעט פריילעך פון גאַנצפרי ביז אָוונט,
זון — איז מיין הודאָק און פעלד איז מיין פאַבריק.
נעכטן, — שכנים ווייטע; היינט — שוין אזוי נאָענט;
אוקראַינער פויער, אידישער מוזשיק.

# S'HOT GELEBT

# ס'האָט געלעבט מיט אונדז אַ חבר

*Allegro Vivo*

S'HOT GE_ LEBT MIT UNZ A CHA_ VER. AI. AI. AI. AI. AI. S'IZ GE_ VEN A
YAT A BRA_ VER. AI. AI. AI. AI. AI. S'IZ GE_ VEN A YAT A BRA_ VER,
AI. AI. AI. AI. AI.

S'hot gelebt mit undz a chaver, ai-ai-ai-ai-ai!
S'iz geven a yat a braver, ai-ai-ai-ai-ai!

Fun der shtot aropgekumen,
Hot er undz tzunoifgenumen.

Hodi, kukn oif di shtern
A kolvirt zol bai undz vern!

Lomir trinken a lechaim
Far dem lebn far dem naiem!

Far di felder, far di zate,
Far der naier hoicher chate!

Lomir trinken a lechaim
Far di kinder, far di traie!

Far di kinder, far di zkeinim,
Un far alemen ineinim!

ס'האָט געלעבט מיט אונדז אַ חבר,
אַי־אַי־אַי־אַי־אַי!
ס'איז געווען אַ יאַט אַ בראַווער,
אַי־אַי־אַי־אַי־אַי!

פֿון דער שטאָט אַראָפּגעקומען,
האָט ער אונדז צונויפֿגענומען:
— האָדיע קוקן אויף די שטערן,
אַ קאָלווירט זאָל ביי אונדז ווערן!

לאָמיר טרינקען אַ לחיים
פֿאַר דעם לעבן פֿאַר דעם נייעם,
פֿאַר די פֿעלדער פֿאַר די זאַטע,
פֿאַר דער נייער הויכער כאַטע.

לאָמיר טרינקען אַ לחיים
פֿאַר די קינדער פֿאַר די טרייע,
פֿאַר די קינדער, פֿאַר די זקנים,
און פֿאַר אַלעמען אינאײנעם.

# BLONDZHE MER NIT

*Text: L. Maloch* *Music: Sheinin*

# בלאָנדזשע מער ניט אין דער פינצטער

טעקסט : ל. מלאך מוזיק : שײנין

March Tempo

mf

BLON – DZHE MER NIT IN DER FINS– TER. VAN – DER MER NIT IN DER

NACHT. FRAI. FOR– OIS KUM BRU – DER MUN – TER LICHT UN VI– SN ZOL

ZAIN DAIN MACHT. LICHT UN VI – SN ZAIN DAIN MACHT.

Blondshe mer nit in der finster,
Vander mer nit in der nacht,
Frai forois kum, bruder, munter,
Licht un visn zol zain dain macht.

Nit loz fun tzveifl zich bahershn,
Toit dem yeiush in dain brust,
Frai forois kum, bruder, munter,
S'vet der kamf nit zain umzist.

S'vet a hele zun oifshainen
Un bashtraln glaich di erd,
Nor biz dan gei munter, bruder,
Nit farloz fun hant di shverd.

Zol der veg zain ful mit shteiner,
Shrek zich, bruder, nit!
Far der fraihait muz men kemfn
Bizn letztn tropn blut.

בלאָנדזשע מער ניט אין דער פינצטער,
וואַנדער מער ניט אין דער נאַכט,
פריי פאָראויס קום, ברודער, מונטער,
ליכט און וויסן זאָל זיין דיין מאַכט.

ניט לאָז פון צווייפל זיך באַהערשן,
טויט דעם יאוש אין דיין ברוסט,
פריי פאָראויס קום, ברודער, מונטער,
ס'וועט דער קאַמף ניט זיין אומזיסט.

ס'וועט אַ העלע זון אויפשיינען
און באַשטראַלן גליך די ערד,
נאָר ביז דאַן גיי מונטער, ברודער,
ניט פאַרלאָז פון האַנט די שווערד.

זאָל דער וועג זיין פול מיט שטיינער,
שרעק זיך, ברודער, ניט!
פאַר דער פרייהייט מוז מען קעמפן
ביזן לעצטן טראָפּן בלוט.

# HERSTU DEM RUF?

*Text: Chaim Shwartz* *Music: Manshinger*

# הערסטו דעם רוף?

טעקסט: חיים שוואַרץ מוזיק: מאַנשינגער

*Moderato* *mf*

HERS- TU DEM RUF MAIN FRAINT? S'KLINGT I- BE- RAL, S'TROGT ZICH FUN SHTOT UN DORF MECH- TI- KER SHAL, SHTU- REMT MIT HEL- D'N MUT S'GAN- TZE- NE LAND. LO- MIR TZU- ZA- MEN GEIN, GI- CHER GIB MIR DAIN HANT. DREIS- TER TZUM ZIG. FOR- OIS, BRI- DER!

CODA - FINALE

BRI- DER FOR- OIS!

Herstu dem ruf, main fraint?
S'klingt iberal.
S'trogt zich fun shtot un dorf
Mechtiker shal.
Shturemt mit heldn-mut
S'gantzene land,
Lomir tzuzamen gein,
Gicher gib mir dain hant.

Dreister tzum zig.
Forois, brider!

Shtei nit fun vaitn itzt,
Raif iz di tzait.
Tog fun tzerechenung
Iz shoin nit vait.
Oisbrenen veln mir
Blutike shand.
Lomir tzuzamen gein,
Gicher gib mir dain hant.

Beiz iz der faint un shtark,
Kritzt mit di tzein.
Lomir tzeshmetern
Soines gebein.

S'hoibn zich felker oif

Brechn di vant,
Lomir tzuzamen gein,
Gicher gib mir dain hant.

הערסטו דעם רוף, מיין פריינט?
ס'קלינגט איבעראַל.
ס'טראָגט זיך פון שטאָט און דאָרף
מעכטיקער שאַל.
שטורעמט מיט העלדן־מוט
ס'גאַנצענע לאַנד,
לאָמיר צוזאַמען גיין,
גיכער גיב מיר דיין האַנט.

דרייסטער צום זיג!
פאָראויס, ברידער!

שטיי ניט פון וויטן איצט,
רייף איז די צייט.
צייט פון צערעכענונג
איז שוין ניט וויט.
אויסברענען וועלן מיר
בלוטיקע שאַנד.
לאָמיר צוזאַמען גיין,
גיכער, גיב מיר דיין האַנט.

בייז איז דער פיינט און שטאַרק,
קריצט מיט די ציין.
לאָמיר צעשמעטערן
שונא'ס געביין.

ס'הויבן זיך פעלקער אויף

ברעכן די וואַנט.
לאָמיר צוזאַמען גיין,
גיכער, גיב מיר דיין האַנט.

# ALE BRIDER

# אַלע ברידער

Allegro

UN MIR ZAI- NEN A- LE BRI- DER. OI, OI, A- LE BRI- DER. UN MIR ZIN - GEN

FREI- LE- CHE LI- DER. OI, OI, OI, UN MIR HAL - TN ZICH IN EI- NEM,

OI, OI, ZICH IN EI - NEM. A - ZEL - CHES IZ NI- TO BA KEI - NEM. OI, OI, OI,

Un mir zainen ale brider,
Oi, oi, ale brider,

Un mir zingen freileche lider,
oi, oi, oi.

Un mir haltn zich in einem,
Oi, oi, zich in einem,

Azelches iz nito ba keinem,
Oi, oi, oi!

און מיר זיינען אַלע ברידער,
אוי, אוי, אַלע ברידער,
און מיר זינגען פריילעך לידער,
אוי, אוי, אוי!

און מיר האַלטן זיך אין איינעם,
אוי, אוי, זיך אין איינעם,
אַזעלכעס איז נישטאָ ביי קיינעם —
אוי, אוי, אוי!

און מיר זיינען אַלע איניק,
אוי, אוי, אַלע איניק.
צי מיר זיינען פיל צי ווייניק —
אוי, אוי, אוי!

און מיר ליבן זיך דאָך אַלע, אוי, אוי, זיך דאָך אַלע.
ווי אַ חתן מיט אַ כלה —
אוי, אוי, אוי!

און מיר זיינען פריילעך, מונטער,
אוי, אוי, פריילעך, מונטער.
זינגען לידער, טאַנצן אונטער —
אוי, אוי, אוי!
און מיר זיינען אַלע ברידער, אוי, א. אַז. וו.

# SHTIVL MAINE

*(Chalutzim Song)*

*Translated by M. HELFMAN*

*Music by J. ENGEL*

# שטיוול מיינע

(חלוצים ליד)

איבערזעצט : מ. העלפמאַן

מוזיק : י. ענגעל

MARCH TIME

f

HEI. HEI. HEI SHTI - VL MAI - NE. GOR ON ZOI - L'N SHTI - VL MAI - NE. UN DI

ZUN HALT IN SHAI - NEN. BRENT UM - GE - HOI - ER. BRENT UN ZI BRENT UM - GE - HOI - ER. S'MACHT NIT

OIS, S'MACHT NIT OIS. S'MACHT NIT OIS. S'MACHT NIT OIS. S'MACHT NIT OIS. DOS LAND DU BOI, DU

BOI DOS LAND DU BOI - ER, DU BOI - ER. DU BOI - ER. DU

BOI, DU BOI. DU BOI. DOS LAND DU BOI. DOS LAND DU BOI. DU BOI DOS LAND DU

BOI - ER. DU BOI DOS LAND DU BOI - ER. DU BOI DOS LAND. DOS

LAND, DOS LAND DU BOI. DU BOI. DU BOI.

העי, העי, העי, שטיוול מיינע,
גאָר אָן זוילן, שטיוול מיינע,
און די זון האַלט אין שיינען,
ברענט אומגעהויער, ברענט
און זי ברענט אומגעהויער.

ס'מאַכט ניט אויס ! (5 מאָל)
דאָס לאַנד דו בוי !
דו בוי דאָס לאַנד, דו בויער.
דו בויער, דו בויער,
דו בוי, דו בוי, דו בוי !

דו בוי דאָס לאַנד, דו בויער ! (3 מאָל)
דו בוי, דו בוי דאָס לאַנד.
דו בוי, דו בוי, דו בוי !

העי, העי, העי, העמד, מיין העמדל,
און אין האַרצן ברענט אַ ליבע,

און די זון האַלט אין שיינען,
ברענט אומגעהויער, ברענט
און זי ברענט אומגעהויער.

ס'מאַכט ניט אויס א. אז. וו.

# SHOLEM LID

# שלום ליד

*Allegro*

*f*

LO- MIR A- LE FREI- LACH ZAIN. LO- MIR A- LE ZIN- GEN. KEM- FN FAR SHO- LEM
KEM- FN FAR BROIT, BOI- EN A MOR- GN ON HAS UN ON NOIT.
KEM- FN FAR- SHO- LEM, KEM- FN FAR BROIT. BOI- EN A MOR- GN ON
NOIT. BOI- EN A MOR- GN ON NOIT

Lomir ale freilach zain,
Lomir ale zingen.

Zingen far sholem,
zingen far broit,

Boien a morgn
On has un on noit.

לאָמיר אַלע פריילעך זיין,
לאָמיר אַלע זינגען,

זינגען פאַר שלום,
זינגען פאַר ברויט,

בויען אַ מאָרגן
אָן האַס און אָן נויט.

# S'BRENT

*Text and music: MORDECAI GEBIRTIG*

# ס׳ברענט

טעקסט : מרדכי געבירטיג

Con Moto - molto esp.

Gm D7 Gm Cm
S'BRENT., BRI - DER - LECH, S'BRENT! OY, UN - ZER O - REM SHTE - T'L NE - BECH

Gm Cm Gm
BRENT! BEI - ZE VIN - T'N MIT YIR - GO - Z'N RAI - S'N, BRE - CHN UN TZE - BLO - ZN

D7 Gm Eb7 D Bb Eb
SHTAR - KER NOCH DI VIL - DE FLA - MEN, ALTZ A - RUM SHOIN BRENT! UN IR SHTEIT UN

Cm D Gm D D7 Gm
KUKT A - ZOI ZICH MIT FAR - LEIG - TE HENT. UN IR SHTEIT UN KUKT A - ZOI ZICH,

D7 Gm
UN - ZER SHTE - T'L BRENT!

S'brent, briderlech, s'brent!
Oy, unzer orim shtetl, nebech, brent.
Beize vintn mit yergozn,
Raysn, brechn un tzeblozn
Shtarker noch di vilde flamen,
Altz arum shoin brent.

*Refrain:*

Un ir shteit un kukt azoy zich
Mit farleigte hent.
Un ir shteit un kukt azoi zich,
Undzer shtetl brent!

S'brent, briderlech, s'brent!
Oi, unzer orim shtetl, nebech, brent!
S'hobn shoin di faier-tzungen,
Dos gantze shtetl aingeshlungen
Un di beize vintn huzhen,
S'gantze shtetl brent!

S'brent, briderlech, s'brent!
Oi, es ken, cholile, kumen der moment
Undzer shtot mit undz tzuzamen,
Zol oif ash avek in flamen,

ס׳ברענט ! ברידערלעך, ס׳ברענט !
אוי, אונדזער אָרעם שטעטל, נעבעך, ברענט !
בייזע ווינטן מיט ירגזון
רייסן, ברעכן און צעבלאָזן
שטאַרקער נאָך די ווילדע פלאַמען.
אַלץ אַרום שוין ברענט !

און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך
מיט פאַרלייגטע הענט
און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך,
אונדזער שטעטל ברענט . . .

ס׳ברענט ! ברידערלעך, ס׳ברענט !
אוי, אונדזער אָרעם שטעטל, נעבעך, ברענט !
ס׳האָבן שוין די פייער־צונגען
דאָס גאַנצע שטעטל איינגעשלונגען —
און די בייזע ווינטן הודזשען.
ס׳גאַנצע שטעטל ברענט . . .

ס׳ברענט ! ברידערלעך, ס׳ברענט !
אוי, עס קאָן חלילה קומען דער מאָמענט :
אונדזער שטאָט מיט אונדז צוזאַמען
זאָל אויף אַש אַוועק אין פלאַמען.
בלייבן זאָל — ווי נאָך אַ שלאַכט,
נאָר פוסטע, שוואַרצע ווענט !

Blaibn zol vi noch a shlacht,
Nor puste shvartze vent . . .

S'brent, briderlech, s'brent!
Di hilf iz nor in aich alein gevendt!
Oib dos shtetl iz aich taier,
Nemt di keilim, lesht dos faier,
Lesht mit aier eign blut,
Bavaizt az ir dos kent!

*Refrain:*

Shteit nit, brider, ot azoi zich
Mit farleigte hent.
Shteit nit, brider, lesht dos faier!
Undzer shtetl brent!

און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך
מיט פֿאַרלייגטע הענט
און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך —
אונדזער שטעטל ברענט . . .

ס'ברענט! ברידערלעך, ס'ברענט!
די הילף איז נאָר אין אייך אַליין געווענדט,
אויב דאָס שטעטל איז אייך טייער,
נעמט די כלים, לעשט דאָס פֿייער,
לעשט מיט אייער אייגן בלוט,
באַווייזט, אַז איר דאָס קענט.

שטייט נישט, ברידער, אַזוי זיך,
מיט פֿאַרלייגטע הענט:
שטייט נישט, ברידער, לעשט דאָס פֿייער —
אונדזער שטעטל ברענט!

# S'DREMLEN FEIGL OIF DI TZVAIGN

# ס׳דרעמלען פייגל אויף די צווייגן

*Music: LEAH RUDNITZKY*

טעקסט : לאה רודניצקי

Andante

mf Bm molto esp.

S'DREM - LEN FEI - GL OIF DI TZVAI - GN, SHLOF MAIN TAI - ER KIND.

BA DAIN VI - GL, OIF DAIN NO - RE, ZITZT A FREM - DE UN ZINGT.

BA DAIN VI - GL, OIF DAIN NO - RE ZITZT A FREM - DE UN

ZINGT. AI LIU, LIU - LIU. SHLOF.

S'dremlen feigl oif di tzvaign,
Shlof main taier kind.
Bai dain vigl, oif dain nare,
Zitzt a fremde un zingt,
Zitzt a fremde un zingt:
Lu-lu-lu-lu-lu — — —

S'iz dain vigl vu geshtanen,
Oisgeflochtn fun glik.
Un dain mame, oi, dain mame,
Kumt shoin keimol nit tzurik!
Lu-lu-lu-lu-lu — — —

Ch'ob gezen dain tatn loifn
Unter hogl fun shtein.
Iber felder iz gefloign
Zain fariosemter gevein.
Lu-lu-lu-lu-lu — — —

ס׳דרעמלען פייגל אויף די צווייגן,
שלאָף מיין טייער קינד . . .
ביי דיין וויגל אויף דיין נאַרע
זיצט אַ פרעמדע און זינגט:

ס׳איז דיין וויגל וואו געשטאַנען
אויסגעפלאָכטן פון גליק
און דיין מאַמע, אוי, דיין מאַמע,
קומט שוין קיינמאָל נישט צוריק.
ליו־ליו, ליו־ליו, ליו.

כ׳האָב געזען דיין טאַטן לויפן
אונטער האָגל פון שטיין,
איבער פעלדער איז געפלויגן
זיין פאַר׳יתומ׳טער געוויין.
ליו־ליו, ליו־ליו, ליו.

# ITZICK VITENBERG

*Text:* S. KOTCHERGINSKY
*Music:* L. BLANTER

# איציק וויטענבערג

טעקסט: ש. קאַטשערגינסקי
מוזיק: מ. בלאַנטער

Andante
mf molto esp.
Bm Em Bm
S'LIGT ER - GETZ FAR - TAI - ET DER FAINT VI A CHA - YE, DER
Em Bm A D Em Bm
"MAU - SER" ER VACHT IN MAIN HANT. NOR PLU - TZIM "GE - SHTA - PO". ES
B7 Em D F#7 Bm
FIRT A GE - SHMI - TN DURCH FINS - TER - NISH DEM KO - MAN - DANT.

S'ligt ergetz fartayet
Der faint vi a chaye,
Der mauzer, er vacht in main hant.
Nor plutzim Geshtapo es firt a geshmidtn
Durch fintzernish dem komendant.

Di nacht hot mit blitzn di getho tzerisn,
"Gefar!" shrait a toyer, a vant!
Chaveirim getraye fun keitn bafraien—
Farshvindn mit dem komendant.

Di nacht iz farfloign,—
Der toit far di oign,
Di getho, zi fibert in brand.
In umru di getho—es droet di Gestapo;
"Toit, oder dem komendant!"

Gezogt hot dan Itzik—
Un durch vi a blitz iz—
Ich vil nit, ir zolt tzulib mir
Darfn dem soine—dos lebn opgebn.
Tzum toit geit shtoltz der komandir.

Ligt vider fartaiet der faint vi a chaye,
Main mauzer, er vacht in main hant.
Du bist itzt mir taier, zai du main bafraier,
Zai du itzter main komendant!

ס'ליגט ערגעץ פאַרטייעט
דער פיינט ווי אַ חיה,
דער מאוזער ער וואַכט אין מיין האַנט,
נאָר פּלוצים — געשטאַפּאָ
עס פירט אַ געשמידטן
דורך פינצטערניש דעם קאָמענדאַנט.

די נאַכט האָט מיט בליצן
די געטאָ צעריסן,
„געפאַר" שרייט אַ טויער, אַ וואַנט.
חברים געטרייע
פון קייטן באַפרייען, —
פאַרשווינדן מיט דעם קאָמענדאַנט.

די נאַכט איז פאַרפלויגן,
דער טויט פאַר די אויגן,
די געטאָ, זי פיבערט אין בראַנד.
אין אומרו די געטאָ,
עס דראָט די געשטאַפּאָ:
„טויט, — אָדער דעם קאָמענדאַנט!"

געזאָגט האָט דאַן איציק —
און דורך ווי אַ בליץ איז —
„איך וויל נישט איר זאָלט צוליב מיר
דאַרפן דעם שונא
דאָס לעבן אָפּגעבן" . . .
צום טויט גייט שטאָלץ דער קאָמאַנדיר!

ליגט ווידער פאַרטייעט
דער פיינט ווי אַ חיה,
מיין מאוזער ער וואַכט אין מיין האַנט
איצט ביסטו מיר טייער,
זיי דו מיין באַפרייער,
זיי דו איצטער מיין קאָמענדאַנט!

# SHTIL, DI NACHT IZ OISGESHTERNT

*Text: HIRSH GLICK*

# שטיל, די נאַכט איז אויסגעשטערנט

טעקסט: הירש גליק

*Allegretto*

SHTIL DI NACHT IZ OIS- GE- SHTE- RNT. UN DER FROST HOT SHTARK GE- BRENT. TZU GE- DENK- STU VI ICH HOB DICH GE- LE- RNT. TZU HAL- TN A "SHPAI- ER" IN DI HENT.

Shtil, di nacht iz oisgeshternt
Un der frost hot shtark gebrent.
Tzi gedenkstu vi ich hob dich gelernt—
Tzu haltn a shpayer in di hent?

A moid, a peltzl un a beret,
Un halt in hant fest a nagan,
A moid mit a sametenem ponim,
Hit op dem soines karavan.

Getzilt, geshosn un getrofn
Hot ir kleininker pistoil,
An oto a fulinkn mit vofn,
Farhaltn hot zi mit ir koil.

Fartog fun vald aroisgekrochn,
Mit shnei-girlandn oif di hor,
Gemutikt fun kleininkn nitzochn,
Far undzer nayem, frayen dor.

שטיל, די נאַכט איז אויסגעשטערנט
און דער פראָסט האָט שטאַרק געברענט,
צי געדענקסטו ווי איך האָב דיך געלערנט
צו האַלטן אַ שפּייער אין די הענט . . .

אַ מויד, אַ פּעלצל און אַ בערעט,
און האַלט אין האַנט פעסט אַ נאַגאַן,
אַ מויד מיט אַ סאַמעטענעם פּנים
היט אָפּ דעם שונאס קאַראַוואַן.

געצילט, געשאָסן און געטראָפן
האָט איר קלײנינקער פּיסטויל:
אַן אויטאָ אַ פולינקן מיט וואָפן
פאַרהאַלטן האָט זי מיט איר קויל.

פאַרטאָג פון וואַלד אַרויסגעקראָכן,
מיט שניי־גירלאַנדן אויף די האָר,
געמוטיקט פון קלײנינקן נצחון,
פאַר אונדזער נייעם, פרייען דור.

# YUGNT HYMN

*Text: S. KOTCHERGINSKY*
*Music: BASSIE RUBIN*

# יוגנט־הימן

טעקסט : ש. קאָטשערגינסקי
מוזיק : באַסיע רובין

UN - ZER LID IZ FUL MIT TROI - ER, DRAIST IZ UN - ZER MUN - TER -
GANG. CHOTSH DER SOI - NE VACHT BAIM TOI - ER. SHTU - REMT YU - GNT MIT GE -
ZANG. YUNG IZ YE - DER. YE - DER, YE - DER VER ES VIL NOR. YO - RN
HO - BN KEIN BA - DAIT; AL - TE KE - NEN. KE - NEN. KE - NEN DICH ZAIN
KIN - DER. FUN A. NAI - ER. FRAI - ER TZAIT!

Unzer lid iz ful mit troier,
Dreist iz unzer munter-gang,
Chotsh der soine vacht bam toier
Shturemt yugnt mit gezang.

Yung is yeder, yeder, yeder ver es vil nor,
Yorn hobn kain badait.
Alte kenen, kenen, kenen oich zain kinder
Fun a nayer frayer tzait.

Ver es voglt um oif vegn,
Ver mit dreistkait shtelt zain fus—
Brengt di yugnt zei antkegn
Funem Ghetto a grus.

Mir gedenken ale sonim,
Mir gedenken ale fraint.
Eibik veln mir dermonen
Unzer nechtn mitn haint.

Kloibn mir tzenoif di glider,
Vider shtoln mir di rei,
Geit a boier, geit a shmider—
Lomir ale gein mit zei.

אונדזער ליד איז פֿול מיט טרויער —
דרייסט איז אונדזער מונטער־גאַנג,
כאָטש דער שונא וואַכט ביים טויער, —
שטורעמט יוגנט מיט געזאַנג.

רעפריין :

יונג איז יעדער, יעדער, ווער עס וויל נאָר,
יאָרן האָבן קיין באַטייט,
אַלטע קענען, קענען אויך זיין קינדער
פֿון אַ נייער פֿרייער צייט.

ווער עס וואָגלט אום אויף וועגן,
ווער מיט דרייסטקייט ס׳שטעלט זיין פֿוס,
ברענגט די יוגנט זיי אַנטקעגן
פֿונעם געטאָ אַ גרוס.

מיר געדענקען אַלע שונאים,
מיר געדענקען אַלע פֿריינט,
אייביק וועלן מיר דערמאָנען
אונדזער נעכטן מיטן היינט.

קלויבן מיר צונויף די גלידער,
ווידער שטאָלן מיר די ריי,
גייט אַ בויער, גייט אַ שמידער, —
לאָמיר אַלע גיין מיט זיי !

# ZOG NIT KEINMOL

*Text: H. GLICK* *Music: POKRAZ*

# זאָג ניט קיינמאָל

טעקסט: הירש גליק .מוזיק: פּאָקראַז

*Moderato*

ZOG NIT KEIN_ MOL AZ DU GEIST DEM LETZ_TN VEG, VEN HIM_ LEH
BLAI_ E_ NE FAR_SHTE_LN BLOI_ E TEG, KU_ MEN VET NOCH UN_ZER OIS_ GE_BENK_TE
SHO, S'VET A POIK TON UN_ ZER TROT, MIR ZAI_ NEN DO! KU_ MEN
VET NOCH UN_ ZER OIS_ GE_ BENK_TE SHO. S'VET A POIK TON UN_ZER TROT MIR ZAI_ NEN DO!

Zog nit keinmol, az du geist dem letztn veg,
Ven himlen blaiene farshteln bloie teg,
Vail kumen vet noch undzer oisgebenkte sho,
S'vet a poik ton undzer trot: mir zainen do!

Fun grinem palmenland biz vaitn land fun shnei
Mir kumen on—mit undzer pain, mit undzer vei,
Un vu gefaln iz a shpritz fun undzer blut,
Shprotzn vet dort undzer gvure, undzer mut.

S'vet di morgn-zun bagildn unz dem haint,
Undzer nechtn vet farshvindn mitn haint,
Nor oib farzamen vet di zun un der kayor,
Vi a parol zol zain dos lid fun dor tzu dor.

Geshribn is dos lid mit blut un nit mit blai,
S'iz nisht kain lidl fun a foigl oif der frai,
Dos hot a folk tzvishn falndike vent
Dos lid gezungen mit naganes in di hent.

To zog nisht keinmol, az du geist dem letztn veg,
Chotsh himlen blaiene farshteln bloie teg;
Kumen vet noch undzer oisgebenkte sho,
S'vet a poik ton undzer trot: mir zainen do!

זאָג ניט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג,
ווען הימלען בלייענע פאַרשטעלן בלויע טעג.
קומען וועט נאָך אונדזער אויסגעבענקטע שעה,
ס'וועט אַ פּויק טאָן אונדזער טראָט — מיר זיינען דאָ!

פון גרינעם פּאַלמען־לאַנד ביז ווייטן לאַנד פון שניי,
מיר קומען אָן מיט אונדזער פּיין, מיט אונדזער וויי,
און וואו געפאַלן איז אַ שפּריץ פון אונדזער בלוט,
שפּראָצן וועט דאָרט אונדזער גבורה, אונדזער מוט.

ס'וועט די מאָרגן־זון באַגילדן אונדז דעם היינט,
און דער נעכטן וועט פאַרשווינדן מיטן פיינט,
נאָר אויב פאַרזאַמען וועט די זון און דער קאַיאָר,
ווי אַ פּאַראָל זאָל זיין דאָס ליד פון דור צו דור.

געשריבן איז דאָס ליד מיט בלוט און נישט מיט בליי,
ס'איז ניט קיין לידל פון אַ פויגל אויף דער פריי,
דאָס האָט אַ פאָלק צווישן פאַלנדיקע ווענט
דאָס ליד געזונגען מיט נאַגאַנעס אין די הענט.

טאָ, זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג,
כאָטש הימלען בלייענע פאַרשטעלן בלויע טעג,
קומען וועט נאָך אונדזער אויסגעבענקטע שעה —
ס'וועט אַ פּויק טאָן אונדזער טראָט — מיר זיינען דאָ!

# YANKELE

*Text: M. GEBIRTIG*

# יאַנקעלע

טעקסט: מ. געבירטיג

Con Moto
mf Em ... Am
SHLOF ZHE MIR SHOIN. YAN- KE- LE MAIN SHEI- NER. DI
Em ... Am ... Em
EI- GE- LECH DI SHVAR- TZIN- KE MACH TZU. A
Am ... Em
YIN- GE- LE VOS HOT SHOIN A- LE TZEIN- DE- LECH MUZ
Am ... B7 ... Em
NOCH DI MA- ME ZIN- GEN: AI- LIU- LIU. A
Am ... B7 ... Em
YIN- GE- LE VOS HOT SHOIN A- LE TZEIN- DE- LECH MUZ
B7
NOCH DI MA- ME ZIN- GEN: AI- LIU- LIU.

Shlof-zhe mir shoin, Yankele, main sheiner,
Di eigelech di shvartzinke mach tzu.
A yingele vos hot shoin ale tzeindelech
Muz noch di mame zingen: ai-liu-liu.

A yingele vos hot shoin ale tzeindelech,
Un vet mit mazl bald in cheider gein,
Un lernen vet er chumesh un gemore,
Zol veinen ven di mame vigt im ain?

A yingele vos lernen vet gemore,
Ot shteit der tate, kvelt un hert zich tsu.
A yingele vos vakst a talmid-chochem,
Lozt gantze necht der mamen nit tzuru?

A yingele vos vakst a talmid-chochem,
Un a geniter soicher oich tzuglaich.
A yingele, a kluger chosn-bocher,
Zol lign azoi nas, vi in a taich?

Nu, shlof-zhe mir, main kluger chosn-bocher,
Dervail ligstu in vigele bai mir—
S'vet kostn noch fil mi un mame's trern,
Bizvanen s'vet a mentsh arois fun dir!

שלאָף־זשע מיר שוין יאַנקעלע, מיין שיינער,
די אייגעלעך די שוואַרצינקע מאַך צו.
אַ אינגעלע וואָס האָט שוין אַלע ציינדעלעך,
מוז נאָך די מאַמע זינגען איי־ליו־ליו.
אַ אינגעלע וואָס האָט שוין אַלע ציינדעלעך,
און וועט מיט מזל באַלד אין חדר גיין,
און לערנען וועט ער חומש און גמרא,
זאָל וויינען ווען די מאַמע וויגט אים איין?

אַ אינגעלע וואָס לערנען וועט גמרא,
אָט שטייט דער טאַטע, קוועלט און הערט זיך צו.
אַ אינגעלע, וואָס וואַקסט אַ תלמיד חכם.
לאָזט גאַנצע נעכט דער מאַמען ניט צורו?

אַ אינגעלע וואָס וואַקסט אַ תלמיד חכם,
און אַ געניטער סוחר אויך צוגלייך,
אַ אינגעלע אַ קלוגער חתן־בחור,
זאָל ליגן אַזוי נאַס ווי אין אַ טייך?

נו, שלאָף־זשע מיר, מיין קלוגער חתן־בחור,
דערווייל ליגסטו אין וויגעלע ביי מיר.
ס'וועט קאָסטן נאָך פיל מי און מאַמעס טרערן,
ביז וואַנען ס'וועט אַ מענטש אַרויס פון דיר.

# REIZELE

*Text and music: M. GEBIRTIG*

# רייזעלע

טעקסט און מוזיק: מ. געבירטיג

*Con Moto*

mf Em — F#d — Em

SHTEIT ZICH DORT IN GE - SE - LE SHTIL FAR - TRACHT A HEI - ZE - LE,

Am — B7 — Em — B

DOR - TN OI - FN BOI - DEM SHTI - BL VOINT MAIN TAI - ER REI - ZE - LE.

B7 — Em

YE - DN O - VNT FA - RN HEI - ZL DREI ICH ZICH A - RUM,

Am — B7 — Em

CH'GIB A FAIF, UN RUF OIS REI - ZL, KUM, KUM, KUM!

Shteit zich dort in gesele
Shtil fartracht a haizele,
Drinen oifn boidem-shtibl
Voint main taier Reizele.
Yedn ovnt farn haizl
Drei ich zich arum,
Ch'gib a faif, un ruf ois: Reizl,
Kum, kum, kum!

Gei ich mir a freilicher,
Zing un knak mir niselech,
Her ich oif di treplech shpringen
Ihre drobne fiselech,
Shoin arop fun letztn trepl,
Ch'nem zi lib arum,
Ch'gib ihr shtil a kush in kepl—
Kum, kum, kum.

Ch'vel dich betn, Dovidl,
Zolst aroif nisht faifn mer.
Herst, er faift shoin, zogt di mame,
Zi iz frum, s'fardrist zi zeier,
Faifn, zogt zi, iz nit yidish,
S'past nor bloiz far "zei."
Gib a tzeichn prost oif yidish—
Eins, tzwei, drai!

Ch'vel fun haint nisht faifn mer,
Droif gib ich a shvuele—
Dir tzulib vel ich afile

שטייט זיך דאָרט אין געסעלע
שטיל פאַרטראַכט אַ הייזעלע,
דרינען אויפן בוידעם־שטיבל
וואוינט מיין טייער רייזעלע.
יעדן אָוונט פאַרן הייזל
דריי איך זיך אַרום,
כ׳גיב אַ פייף, און רוף אויס: „רייזל,
קום, קום, קום!״

גיי איך מיר אַ פריילעכער,
זינג און קנאַק מיר ניסעלעך,
הער איך אויף די טרעפּלעך שפּרינגען
אירע דראָבנע פיסעלעך,
שוין אַראָפּ פון לעצטן טרעפּל,
כ׳נעם זי ליב אַרום,
כ׳גיב איר שטיל אַ קוש אין קעפּל —
קום, קום, קום.

— כ׳וועל דיך בעטן, דודל,
זאָלסט אַרויף נישט פייפן מער,
— הערסט, ער פייפט שוין״, — זאָגט די מאַמע,
זי איז פרום, ס׳פאַרדריסט זי זייער,
פייפן, זאָגט זי, איז ניט אידיש.
ס׳פּאַסט נאָר בלויז פאַר „זיי״.
גיב אַ צייכן פראָסט אויף אידיש —
איינס, צוויי, דריי!

— כ׳וועל פון היינט נישט פייפן מער,
דערויף גיב איך אַ שבועה׳לע —
דיר צוליב וועל איך אפילו

Vern frum, main tznuele,
Ch'vel zain vi du vilst nor, Reizl,
Vi dain mame frum,
Yedn shabes gein in klaizl—
Kum, kum, kum!

Gei ich mir a freilecher,
Zing un knak mir niselech,
Her ich oif di treplech loifn
Ihre drobne fiselech—
Vider shteit fartracht dos haizl,
S'gesl vider shtum.
Kum tzu mir in cholem, Reizl,
Kum, kum, kum!

ווערן פרום, מיין צנועה׳לע,
כ׳וועל זיין ווי דו ווילסט נאָר, רייזל,
ווי דיין מאַמע פרום,
יעדן שבת גיין אין קלייזל —
קום, קום, קום!

גיי איך מיר אַ פריילעכער,
זינג און קנאַק מיר ניסעלעך,
הער איך אויף די טרעפלעך לויפן
אירע דראָבנע פיסעלעך —
ווידער שטייט פאַרטראַכט דאָס הייזל,
ס׳געסל ווידער שטום.
קום צו מיר אין חלום, רייזל,
קום, קום, קום!

# FUN VANEN?

# פון וואַנען הייבט זיך אָן אַ ליבע

Con Moto

mf

Am C E7

FUN VA - NEN HOIBT ZICH ON A LI - BE ? FUN REI - DN. FUN SHMUE - SN, FUN

Am Bd G

LA - CHN, UN - ZER LI - BE HOT ZICH ON - GE - HOI - BN GOR FUN AN - DE - RE

Am Bd G Am

ZA - CHN, UN - ZER LI - BE HOT ZICH ON - GE - HOI - BN GOR FUN AN - DE - RE ZA - CHN.

Fun vanen hoibt zich on a libe?
Fun reidn, fun shmuesn, fun lachn.
Unzer libe hot zich ongehoibn
Gor fun andere zachn.

Dort geien zich porelech tzvei,
Dort geien zich porelech tzvei,
Libn, libn zei zich zeier—
S'iz nito kein glaichn tzu zei.

Genug shoin mit mir tzu reidn,
Genug shoin mit mir tzu shmuesn,
Fir mich shoin op aheim,
Der tate vet di tir farshlisn.

Aheim, liubtshu, vel ich dich opfirn,
Bam glekele vestu onklingen,
A lid vel ich ois undz beidn machn,
Di gantze velt zol fun undz zingen!

פון וואַנען הייבט זיך אָן אַ ליבע?
פון רײדן, פון שמועסן, פון לאַכן.
אונדזער ליבע האָט זיך אָנגעהויבן
גאָר פון אַנדערע זאַכן.

דאָרט גייען זיך פּאָרעלעך צוויי,
דאָרט גייען זיך פּאָרעלעך צוויי,
ליבן ליבן זיי זיך זייער —
ס'איז ניטאָ קיין גלייכן צו זיי.

גענוג שוין מיט מיר צו רײדן,
גענוג שוין מיט מיר צו שמועסן,
פיר מיך שוין אָפּ אַהיים,
דער טאַטע וועט די טיר פאַרשליסן.

אַהיים, לובטשו, וועל איך דיך אָפּפירן,
ביים גלעקעלע וועסטו אָנקלינגען,
אַ ליד וועל איך אויס אונדז ביידן מאַכן,
די גאַנצע וועלט זאָל פון אונדז זינגען!

# MAMENIU, LIUBENIU | מאַמעניו, ליובעניו!

*Allegretto*

MA - ME - NIU, LIU - BE - NIU. KROI - NE - LE. HAR - TZE - LE. SHVAIG SHOIN A VAI - LIN - KE
SHTIL. SHVAIG SHOIN A VAI - LIN - KE SHTIL. LESH IN MIR MAIN
HE - LI - SHN FAI - ER, UN GIB MIR SHOIN VE - MEN ICH VIL.
GIB MIR SHOIN VE - MEN ICH VIL.

Mameniu, liubeniu, kroinele, hatzele,
Shvaig shoin a vailinke shtil!
Lesh in mir ois main helishn faier,
Un gib mir shoin vemen ich vil,
Gib mir shoin vemen ich vil.

Ich hob zich aingelibt in a shein ingele,
Shein, vi a rendl gold.
Im, mameniu, hob ich gelibt,
Un im hob ich take gevolt.

Shpatzirn zenen mir beide gegangen
Arum un arum dem bulvar.
Ale meidelech shpiln libes,
Un ich bin geblibn tzum nar.

A cholem, tateniu, a cholem, mameniu,
A cholem hot zich mir gedacht.
Zaine sheine bekelech, mit di shvartze
eigelech
Hobn mich krank gemacht.

Maine tzores hobn mich arumgeringlt,
Azoi vi a bonder a fas.
Haintike yingelech is azoifil tzu gloibn,
Azoi vi dem hunt oifn gas!

מאַמעניו, ליובעניו, קרוינעניו, האַרצעלע,
שוויַיג שוין אַ ווײַלינקע שטיל!
לעש אין מיר מיין העלישן פּיַיער
און גיב מיר שוין, וועמען איך וויל!

איך האָב זיך אײַנגעליבט אין אַ שיין אינגעלע,
שיין, ווי אַ רענדל גאָלד.
אים, מאַמעניו, האָב איך געליבט,
און אים האָב איך טאַקע געוואָלט.

שפּאַצירן זיינען מיר ביידע געגאַנגען
אַרום און אַרום דעם בולוואַר;
אַלע מיידעלעך שפּילן ליבעס,
און איך בין געבליבן צום נאַר.

אַ חלום, טאַטעניו, אַ חלום, מאַמעניו,
אַ חלום האָט זיך מיר געדאַכט:
זיינע שיינע בעקעלעך מיט די שוואַרצינקע
אויגעלעך
האָבן מיך קראַנק געמאַכט!

די ביימעלעך בליען, די יאָרעלעך פּליען,
די צייט גייט אַוועק מיטן רויך;
אוי, זינט איך האָב זיין ליבע דערקענט,
פון וויינען האָב איך שוין קיין כוח.

מיינע צרות האָבן מיך אַרומגערינגלט,
אַזוי ווי אַ באַנדאַזש אַ פּאַס;
היינטיקע אינגעלעך איז אַזוי פיל צו גלויבן
אַזוי ווי אַ הונט אויפן גאַס!

# ICH ZITZ UN SHPIL MIR OIF DER GITARE

# איך זיץ און שפּיל מיר אויף דער גיטאַרע

*Con Moto*

mf E Am E7 Am

ICH ZITZ UN SHPIL MIR AF DER GI_ TA_ RE. UN

Dm Am E Dm E Dm

ZING ZICH MIR A LID FUN ZICH A_ LEIN. OI, MAIN "STRA_ DA_ NYE"

E Am Dm Am E Dm E

VEIST NOR GOT DEM E_MES, OI, MAIN "STRA_DA_NYE" VEIST NOR ER A_ LEIN.

Ich zitz un shpil mir oif der gitare
Un zing zich mir a lid fun zich alein.
Oi, main "stradanye" veist nor Got dem emes,
Oi, main "stradanye" veist nor er alein.

Sspatzirn zainen mir beide gegangen
Arum un arum dem kailechikn vokzal.
Oi, tzugeshvoirn hot er mir, oi, mame,
Az ich vel zain zain froi un er main man.

Sspatzirn zainen mir beide gegangen
Arum un arum dem gorodsoky shpitol.
An umchein, mameniu, hot er oif mir gevorfn,
An umchein, mame, mame, mitamol!

איך זיץ און שפּיל מיר אויף דער גיטאַרע
און זינג זיך מיר אַ ליד פֿון זיך אַליין.
אוי, מיין סטראַדאַניע ווייסט נאָר גאָט דעם אמת,
אוי, מיין סטראַדאַניע ווייסט נאָר ער אַליין.

שפּאַצירן זיינען מיר בײדע געגאַנגען
אַרום און אַרום דעם קײַלעכדיקן וואָקזאַל.
אוי, צוגעשוואוירן האָט ער מיר, אוי, מאַמע,
אַז איך וועל זיין זיין פרוי און ער מיין מאַן.

שפּאַצירן זיינען מיר בײדע געגאַנגען
אַרום און אַרום דעם גאָראָדסקאָי שפּיטאָל.
אַן אומחן, מאַמעניו, האָט ער אויף מיר געוואָרפֿן,
אַן אומחן, מאַמע, מאַמע, מיטאַמאָל!

# OIF DI FELDER

# אויף די פעלדער

*Moderato*

mf D Em A7 D

OIF DI FEL- DER VIN- TN VEI- EN, OIF DI FEL- DER VIN- TN VEI- EN.

B7 Em A D A7 D

OIF DI FEL- DER VIN- TN VEI- EN, KUM YA- NIN- KA, KO- RN ZEI- EN.

A7 D A7 D

KUM YA- NIN- KA, KO- RN ZEI- EN.

Oif di felder vintn veien, (three times)
Kum, Yaninka, korn zeien (2 times).

Di zun in feld is shoin fargangen . . .
Kum, Yaninka, klaibn zangen . . .

S'tzien vegn iber vegn . . .
Kum, Yaninka, zetz zich nebn . . .

Ich vel zich lebn dir nit zetzn . . .
Mentshn veln mich nit shetzn . . .

Vos art dos dich vos mentshn zogn . . .
Loif, Yaninka, ich vel dich yogn . . .

Koim chap ich dich, dan bistu maine . . .
Ach, Yaninka, bist a faine . . .

Az du bist a faine, dos veisn ale . . .
Kum, Yaninka, zai main kale . . .

אויף די פעלדער ווינטן ווייען, (3 מאָל)
קום, יאנינקא, קאָרן זייען. (2 מאָל)

די זון אין פעלד איז שוין פארגאנגען . . .
קום, יאנינקא, קלייבן זאנגען . . .

ס'ציען וועגן איבער וועגן . . .
קום, יאנינקא, זעץ זיך נעבן . . .

איך וועל זיך לעבן דיר ניט זעצן . . .
מענטשן וועלן מיך ניט שעצן . . .

וואָס אַרט דאָס דיך וואָס מענטשן זאָגן . . .
לויף, יאנינקא, איך וועל דיך יאָגן . . .

קוים כאַפּ איך דיך, דאַן ביסטו מיינע . . .
אַך, יאנינקא, ביסט אַ פיינע . . .

אַז דו ביסט אַ פיינע, דאָס ווייסן אַלע . . .
קום, יאנינקא, זיי מיין כלה . . .

# DI GILDENE PAVE

# די גילדענע פּאַווע

G7 Cm F7 Bb F7
ES KUMT TZU FLI - EN DI GOL - DE - NE PA - VE. FUN A FREM - DN

Bb F7 Bb Eb
LAND, FUN A FREM - DN LAND. HOT ZI FAR - LOI - RN DEM

Bb Fm 1. G F7 2. G
GOL - DE - NEM FE - DER MIT A GROI — SER SHAND. HOT SHAND.

Es kumt tzu flien di gildene pave
Fun a fremdn land,
Fun a fremdn land,
Hot zi farlorn dem gildenem feder
Mit a groiser shand.

S'iz nisht azoi der gildener feder,
Vi di pave alein,
Vi di pave alein,
Es iz nisht azoi der eidem,
Vi di tochter alein.

Vi es iz biter, main libe muter,
A foigele oif dem yam,
A foigele oif dem yam,
Azoi iz biter, main libe muter,
Bai a shlechtn man.

Vi es iz biter, mein libe muter,
A foigele un a nest,
A foigele un a nest,
Azoi iz biter, main libe muter,
Shver un shvigers kest.

עס קומט צו פֿליען די גילדענע פּאַווע
פֿון אַ פֿרעמדן לאַנד,
פֿון אַ פֿרעמדן לאַנד,
האָט זי פֿאַרלוירן דעם גילדענעם פעדער
מיט אַ גרויסער שאַנד.

ס'איז נישט אַזוי דער גילדערנער פעדער,
ווי די פּאַווע אַליין,
ווי די פּאַווע אַליין,
עס איז נישט אַזוי דער איידעם,
ווי די טאָכטער אַליין.

ווי עס איז ביטער, מיין ליבע מוטער,
אַ פֿויגעלע אויף דעם ים,
אַ פֿויגעלע אויף דעם ים,
אַזוי איז ביטער, מיין ליבע מוטער,
ביי אַ שלעכטן מאַן.

ווי עס איז ביטער, מיין ליבע מוטער,
אַ פֿויגעלע אָן אַ נעסט,
אַ פֿויגעלע אָן אַ נעסט,
אַזוי איז ביטער, מיין ליבע מוטער,
שווער און שוויגערס קעסט.

# GEY ICH MIR SHPATZIRN | גיי איך מיר שפּאַצירן

Vivo

GEI ICH MIR SHPA - TZI - RN, TRA - LA - LA - LA - LA - LA - LA. GEI ICH MIR SHPA - TZI - RN, TRA - LA - LA - LA - LA - LA - LA. BA - GE - GNT MICH A BO - CHER. A - HA. A - HA. BA - GE - GNT MICH A BO - CHER. A - HA. A - HA

Gey ich mir shpatzirn,
Tra la la la la la la!
Bagegent mich a bocher,
Aha, aha!

Er zogt er vet mich nemen,
Tra la la la la la la!
Er leigt es op oif zumer,
Aha, aha!

Der zumer iz gekumen,
Tra la la la la la la!
Er hot mich nit genumen,
Aha, aha!

גיי איך מיר שפּאַצירן —
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ!
גיי איך מיר שפּאַצירן —
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ!
באַגעגנט מיך אַ בחור — אַהאַ־ אַהאַ!
באַגעגנט מיך אַ בחור — אַהאַ־ אַהאַ!

ער זאָגט, ער וועט מיך נעמען —
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ!
ער זאָגט, ער וועט מיך נעמען —
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ!
ער לייגט עס אָפּ אויף זומער — אַהאַ, אַהאַ!
ער לייגט עס אָפּ אויף זומער — אַהאַ, אַהאַ!

דער זומער איז געקומען —
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ!
דער זומער איז געקומען —
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ!
ער האָט מיך נישט גענומען — אַהאַ, אַהאַ!
ער האָט מיך נישט גענומען — אַהאַ, אַהאַ!

# TUM-BALALAIKA

# באַלאַלאַיקע

*Moderato*

SHTEIT A BO- CHER UN ER TRACHT. TRACHT UN TRACHT A GAN - TZE NACHT. VE - MEN TZU NE - MEN, UN NIT FAR- SHE - MEN? VE- MEN TZU NE - MEN UN NIT FAR - SHE - MEN.
TUM- BA - LA. TUM- BA - LA. TUM - BA - LA - LAI- KE. TUM- BA - LA. TUM- BA - LA. TUM - BA - LA - LAI- KE. TUM - BA - LA - LAI- KE SHPIL BA - LA - LAI- KE TUM- BA - LA - LAI- KE. SHPIL BA - LA - LAI- KE.

Shteit a bocher un er tracht,
Tracht un tracht a gantze nacht:
Vemen tzu nemen un nit farshemen?
Vemen tzu nemen un nit farshemen?

*Chorus:*
Tum-bala, tum-bala, tum-balalaika,
Tum-bala, tum-bala, tum-balalaika,
Tum-balalaika, shpil balalaika,
Tum-balalaika, shpil balalaika.

Meidl, meidl, ch'vel bai dir fregn:
Vos kon vaksn, vaksn on regn?
Vos kon brenen un nit oifhern?
Vos kon benken, veinen on trern?

Narisher bocher, vos darfstu fregn?
A shtein kon vaksn, vaksn on regn.
Libe kon brenen, un nit oifhern.
A hartz kon benken, veinen on trern.

שטייט אַ בחור און ער טראַכט,
טראַכט און טראַכט אַ גאַנצע נאַכט;
ווועמען צו נעמען און ניט פאַרשעמען,
ווועמען צו נעמען און ניט פאַרשעמען.

טום באַ־לאַ, טום באַ־לאַ, טום, באַלאַלאַיקע.
טום באַ־לאַ, טום באַ־לאַ, שפּיל באַלאַלאַיקע.

מיידל, מיידל, כ'וועל ביי דיר פרעגן:
וואָס קען וואַקסן, וואַקסן אָן רעגן?
וואָס קען ברענען און ניט אויפהערן?
וואָס קען בענקען, וויינען אָן טרערן?

נאַרישער בחור, וואָס דאַרפסטו פרעגן,
אַ שטיין קען וואַקסן, וואַקסן אָן רעגן.
ליבע קען ברענען און ניט אויפהערן,
אַ האַרץ קען בענקען, וויינען אָן טרערן.

# FISHELECH KOIFN

# פישעלעך קויפן

*Moderato*

mf G D7 G

BIN ICH MIR GE - GAN - GEN FI - SHE - LECH KOI - FN, HOB ICH MIR GE-

D7 G D7 G

KOIFT A HECHT; UN VER ES IZ SHUL - DIG IN UN - ZER LI - BE,

B7 Em

DER ZOL OIS - GEIN VI A LECHT. TRA - LA - LA, LA - LA - LA;

Am Em B7 Em

TRA - LA - LA - LA - LA - LA, TRA - LA - LA - LA - LA - LA. TRA - LA - LA - LA.

Bin ich mir gegangen fishelech koifn,
Hob ich mir gekoift a hecht,
Un ver es iz shuldik in undzer libe,
Der zol oisgein vi a lecht!

On kain shteiner, on kain tzigl,
Kon men kain hoiz nit moiern.
S'iz nisht faranen kain mentsh oif der velt
Vos zol mich nisht badoiern!

בין איך מיר געגאַנגען פישעלעך קויפן,
האָב איך מיר געקויפט אַ העכט;
און ווער עס איז שולדיק אין אונדזער ליבע,
דער זאָל אויסגיין ווי אַ לעכט!

אָן קיין שטיינער, אָן קיין ציגל
קאָן מען קיין הויז ניט מויערן;
ס'איז ניט פאַראַנען קיין מענטש אויף דער וועלט,
וואָס זאָל מיך ניט באַדויערן.

# OIF DEM YAM VEYET A VINTELE

# אויף דעם ים ווייעט אַ ווינטעלע

Con Moto

OIF DEM YAM VEI- ET A VIN- TE - LE. VEI- ET A VIN - TE - LE.
UN DI CHVA- LIES SHLO- GN. UN DI CHVA- LIES SHLO- GN.
CH'HOB ZICH FAR - LIBT IN A SHEIN YIN- GE - LE, CH'HOB NIT FAR VE- MEN TZU ZO - GN

Oif dem yam veyet a vintele, veyet a vintele,
Un di chvalyes shlogn.
Ch'ob zich farlibt in a shein yingele,
Ch'ob nit far vemen tzu zogn.

Ich hob zich geboiet a shtibele in vald,
A shtibele in vald
Arum un arum mit fenster.
Fun ale kartinkes vos ich hob gezen
Bistu bai mir der shenster!

Tzu libstu mich fun tifn hartzn,
Tzu libstu nor main shein ponim?
Du host mich gor avekgekoilet
Azoi vi di rechte gazlonim!

Az a gazlen koilet a mentshn, koilet a mentshn,
Koilet er im mit a meser,
Du host mich gekoilet, un nit derkoilet,
Du bist fun a gazlen noch greser!

אויף דעם ים ווייעט אַ ווינטעלע, ווייעט אַ ווינטעלע,
און די כוואַליעס שלאָגן.
כ'האָב זיך פאַרליבט אין אַ שיין אינגעלע,
כ'האָב ניט פאַר וועמען צו זאָגן.

איך האָב זיך געבויט אַ שטיבעלע אין וואַלד, אַ
שטיבעלע אין וואַלד
אַרום און אַרום מיט פענצטער.
פון אַלע קאַרטינקעס וואָס איך האָב געזען,
ביסטו ביי מיר דער שענסטער.

צי ליבסטו מיך פון טיפן האַרצן, פון טיפן האַרצן,
צי ליבסטו נאָר מיין שיין פּנים?
דו האָסט מיך גאָר אַוועקגעקוילעט —
אַזוי ווי די רעכטע גזלנים.

אַז אַ גזלן קוילעט אַ מענטשן, קוילעט אַ מענטשן,
קוילעט ער אים מיט אַ מעסער —
דו האָסט מיך געקוילעט און ניט דערקוילעט,
דו ביסט פון אַ גזלן נאָך גרעסער.

# OI, DORTN, DORTN, IBERN VASERL

# אוי, דאָרטן, דאָרטן איבערן וואַסערל

*Andante – molto esp.*

OI, DOR – TN, DOR – TN. I – BE – RN VA – SE – RL, OI, DOR – TN, DOR – TN. I – BE – RN BRIK. FAR – TRI – BN HOS – TU MICH IN DI VAI – TE – NE LEN – DER, UN BEN – KN, BENK ICH NOCH DIR TZU – RIK.

Oi, dortn, dortn, ibern vaserl,
Oi, dortn, dortn ibern brik.
Fartribn hostu mich
In di vaitene lender
Un benken benk ich noch dir tzurik.

Oi, helf mir, Goteniu, oi, Got in himl,
Oi, helf mir, Goteniu, s'iz mir nit gut,
Shoin tzait drai yorelech vi mir shpiln a libe,
Un oisshpiln di libe konen mir nit.

Oi, daine oigelech, vi di shvartze kershelech,
Un doine lipelech, vi rozeve papir,
Un daine fingerlech, vi tint un feder.
Oi, shraibn zolstu ofte briv tzu mir!

אוי, דאָרטן, דאָרטן איבערן וואַסערל,
אוי, דאָרטן, דאָרטן איבערן בריק —
פאַרטריבן האָסטו מיך אין די ווייטענע לענדער
און בענקען בענק איך נאָך דיר צוריק.

אוי, העלף מיר, גאָטעניו, אוי, גאָט אין הימל,
אוי, העלף מיר, גאָטעניו, עס איז מיר ניט גוט,
שוין זייט דריי יאָרעלעך ווי מיר שפּילן אַ ליבע
און אויסשפּילן די ליבע קאָנען מיר ניט.

אוי, דיינע אויגעלעך, ווי די שוואַרצע קאַרשעלעך,
און דיינע ליפּעלעך, ווי ראָזעווע פּאַפּיר
און דיינע פינגערלעך, טינט און פּעדער,
אוי, שרייבן זאָלסטו אָפטע בריוו צו מיר.

# A LEITERL TZUM HIML | אַ לייטערל צום הימל

*Allegro*

mf Dm Gm Dm Bd Am Dm Am C A7 Dm A7 Dm

A LEI-TE-RL TZUM HI-ML VEL ICH SHTE-LN UN VEL A-ROIF-KRI-CHN TZU GOT EI-NE. TZVEI VER-TER. OI. VEL ICH BA IM FRE-GN. FAR-VOS MAIN LI-BER DARF ZAIN A SOL-DAT OI, OI.

A leiterl tzum himl vel ich shteln
Un vel aroifkrichn tzu Got,—
Eine, tzvei verter, oi, vel ich ba im fregn,
Farvos main liber darf zain a soldat, oi, oi, oi!

—Kain leiterl tzum himl vestu nit shteln,
A soldat vel ich blaibn saivisai,
Nor nieuzsheli bistu aza min meidl,
Zolst oif mir nit vartn a yor drai? oi, oi, oi!

—Drai yor vel ich oif dir vartn,
Afile tzen is oich kedai.
Nor du alain, du veist dem gantzn emes,
Vi azoi s'iz shver tzu neien shnaiderai,
oi, oi, oi!

— אַ לייטערל צום הימל וועל איך שטעלן
און וועל אַרויפקריכן צו גאָט,
איינע־צוויי ווערטער, אוי, וועל איך ביי אים פרעגן,
פאַרוואָס מיין ליבער דאַרף זיין אַ סאָלדאַט,
אוי־אוי־אוי!

— קיין לייטערל צום הימל וועסטו ניט שטעלן,
אַ סאָלדאַט וועל איך בלייבן סיי־ווי־סיי,
נאָר ניעוזשעלי ביסטו אַזאַ מין מיידל,
זאָלסט אויף מיר ניט וואַרטן אַ יאָר דריי,
אוי־אוי־אוי!

— דריי יאָר וועל איך אויף דיר וואַרטן,
אפילו צען איז אויך כדאי.
נאָר דו אַליין, דו ווייסט דעם גאַנצן אמת,
ווי אַזוי ס'איז שווער צו נייען שניידעריי,
אוי־אוי־אוי!

# TZVEI TAIBELECH

# צוויי טייבעלעך

Andante

mf

Dm, Gm, Dm, Dm, A7, Dm, Dm, Gm, Dm, Gm, A7, Dm

TZVEI TAI- BE- LECH ZAI- NEN I- BE- RN VA- SER GE- FLOI- GN,

IN DI PIS- KE- LECH HO- BN ZEI ZICH GE- KUSHT;

FAR- SHOL- TN ZOL VE- RN NOR YE- NER MENTSH, VOS

HOT ZICH IN UN- ZER LI- BE A- RAIN GE- MISHT.

Tzvei taibelech zainen ibern vaser gefloign,
In di piskelech hobn zei zich gekusht.
Farsholtn zol vern nor yener mentsh
Vos hot zich in undzer libe, oi, araingemisht.

Un az du vest kumen in a fremder shtot, lubeliu,
Maine reid zolstu badenken!
Un az du vest kumen iber a vaser, lubeliu,
Far tzores zolstu zich nisht dertrenken.

Un az du vest kumen in a vaiter shtot, lubeliu,
Maine reid zolstu bakenen!
Un az du vest kumen iber a faier, lubeliu,
Far tzores zolstu zich nisht farbrenen.

Tzvei taibelech zainen ibern vaser gefloign,
Mit di fligelech azoi tzeshpreit.
Kain gutn sof zol der mentsh nisht hobn
Vos hot undz fun der libe azoi gich tzesheit!

צוויי טייבעלעך זיינען איבערן וואַסער געפלויגן,
אין די פּיסקעלעך האָבן זיי זיך געקושט;
פאַרשאָלטן זאָל ווערן נאָר יענער מענטש,
וואָס האָט זיך אין אונדזער ליבע אַריינגעמישט!

און אַז דו וועסט קומען אין אַ פרעמדער שטאָט, ליובעליו,
מיינע רייד זאָלסטו באַדענקען;
און אַז דו וועסט קומען איבער אַ וואַסער, ליובעליו,
פאַר צרות זאָלסטו זיך נישט דערטרענקען.

און אַז דו וועסט קומען אין אַ ווייטער שטאָט, ליובעליו,
מיינע רייד זאָלסטו באַקענען;
און אַז דו וועסט קומען איבער אַ פייער, ליובעליו,
פאַר צרות זאָלסטו זיך ניט פאַרברענען.

צוויי טייבעלעך זיינען איבערן וואַסער געפלויגן
מיט די פליגעלעך אַזוי צעשפּרייט;
קיין גוטן סוף זאָל דער מענטש ניט האָבן,
וואָס האָט אונדז פון דער ליבע אַזוי גיך צעשיידט!

# OI, A NACHT A SHEINE

# !אוי, אַ נאַכט אַ שיינע

*Andante*

OI, A NACHT A SHEI- NE. DI NACHT IZ GE- VEN A- ZOI SHEIN. DI NACHT IZ GE- VEN A- ZOI SHEIN. OIF A BEN- KE- LE ZAI- NEN MIR GE- ZE- SN. DI LE- VO- NE HOT GE- NU- MEN FAR- GEIN.

Oi, a nacht a sheine,
Di nach iz geven azoi shein. (2)
Oif a benkele zainen mir gezesn,
Di levone hot genumen fargein.

Oif a benkele zainen mir gezesn,
Mir hobn tzuzamen farbracht;
Vifil reid mir hobn aingetainet,
Kein tolk hobn mir beide nit gebracht.

—Vos-zhe fara tolk, libe, vilstu?
Az ich muz tzum priziv shtein,
Kein knasmol kenen mir nit machn,
Dos kenstu alein gut farshtein.

Oif banen vel ich tzu dir forn
Un oif vasern shvimen tzu dir;
Ch'vel avekwarfn main foter un muter,
Ch'vel kumen, zis lebn, tzu dir.

—Oif banen tzu mir zolst nit forn,
Un oif vaser, nit shvimen tzu mir.
A chupe, oi, dusheniu, lomir shteln,
Un in drai yor vel ich kumen tzu dir.

—Gib-zhe mir dain rechte hentele,
Un shver mir tzu, az du host mich emes lib,
Bizn tog fun dem fintztern grub.

אוי, אַ נאַכט אַ שיינע!
די נאַכט איז געווען אַזוי שיין.
אויף אַ בענקעלע זיינען מיר ביידע געזעסן —
די לבנה האָט גענומען פֿאַרגיין.

אויף אַ בענקעלע זיינען מיר ביידע געזעסן,
מיר האָבן צוזאַמען פֿאַרבראַכט;
וויפֿל רייד מיר האָבן איינ׳געטענה׳ט,
קיין טאָלק האָבן מיר ביידע ניט געבראַכט.

— וואָס־זשע פֿאַר־אַ טאָלק, ליבע, ווילסטו?
אַז איך מוז צום פּריזיוו שטיין,
קיין קנס׳מאָל קענען מיר ניט מאַכן.
דאָס קענסטו אַליין גוט פֿאַרשטיין.

— אויף באַנען וועל איך צו דיר פֿאָרן
און אויף וואַסערן שווימען צו דיר.
כ׳וועל אַוועקוואַרפֿן מיין פֿאָטער און מוטער,
כ׳וועל קומען, זיס לעבן, צו דיר.

— אויף באַנען צו מיר זאָלסט ניט פֿאָרן
און אויף וואַסער ניט שווימען צו מיר.
אַ חופּה, אוי, דושעניו, לאָמיר שטעלן
און אין דריי יאָר וועל איך קומען צו דיר.

גיב־זשע מיר דיין רעכטע הענטעלע,
און שווער מיר צו, אַז דו האָסט מיך אמת ליב,
ביזן טאָג פֿון דעם פֿינצטערן גרוב.

# SHPILT-ZHE MIR DEM NAIEM SHER

# שפּילט-זשע מיר דעם נייעם שער

*Allegro Vivo*

SHPILT ZHE MIR DEM NAI- EM SHER, VOS IZ A - ROIS GE - KU - MEN,
CH'HOB MICH FAR - LIBT IN A YIN - GE - LE A SHEI - NEM, CH'KEN TZU IM NIT KU - MEN,
CH'VOLT TZU IM GE - KU - MEN, VOINT ER A - ZOI VAIT, CH'VOLT DOCH IM A KUSH GE - GE - BN,
SHEM ICH ZICH FAR LAIT, NIT A - ZOI FAR LAIT, VI FAR GOT A - LEIN,
CH'VOLT MIT IM FAR - BRACHT DI TZAIT, AZ KEI - NER ZOL NIT ZEN.

Shpilt-zhe mir dem naiem sher
Vos is aroisgekumen.
Ch'ob zich farlibt in a yingele a sheinem
Un kon tzu im nisht kumen.

Ch'volt tzu im gekumen,
Voint er zeier vait.
Ch'volt doch im a kush gegebn,
Shem ich zich far lait . . .
Nisht azoi far lait,
Vi far Got alein—
Ch'volt mit im farbracht di tzait
Az keiner zol nisht zein.

Shpilt-zhe mir dem naiem Sher
Vos iz aroisgekumen.
Ich hob zich farlibt in a yingele a sheinem
Un kon tzu im nisht kumen.
Kum-zhe tzu mir gicher,
Ich vart oif dir shoin lang.
Kum shoin gicher ariber,
Men zol nisht hern dain gang.
Fir ich dich in shtibele
Fun main mamen alein.
Chosn-kale veln mir zain
Un tzu der chupe gein!

שפּילט־זשע מיר דעם נייעם שער,
וואָס איז אַרויסגעקומען ;
כ'האָב מיך פֿאַרליבט אין אַ אינגעלע אַ שיינעם,
כ'קאָן צו אים ניט קומען.

כ'וואָלט צו אים געקומען,
וואוינט ער זייער ווייט ;
כ'וואָלט דאָך אים אַ קוש געגעבן,
שעם איך זיך פֿאַר לייט,
ניט אַזוי פֿאַר לייט,
ווי פֿאַר גאָט אַליין,
כ'וואָלט מיט אים פֿאַרבראַכט די צייט,
אַז קיינער זאָל ניט זען.

שפּילט־זשע מיר דעם נייעם שער,
וואָס איז אַרויסגעקומען ;
כ'האָב מיך פֿאַרליבט אין אַ אינגעלע אַ שיינעם,
און קאָן צו אים ניט קומען.
קום־זשע צו מיר גיכער,
איך וואַרט אויף דיר שוין לאַנג ;
קום־זשע גיך אַריבער,
מע זאָל ניט הערן דיין גאַנג.
פֿיר איך דיר אין שטיבעלע
פֿון מיין מאַמען אַליין ;
חתן־כלה וועלן מיר זיין,
און צו דער חופּה גיין.

# MAIN HARTZ WEINT IN MIR | מיין האַרץ וויינט אין מיר

*Andante - molto esp.*

MAIN HARTZ, MAIN HARTZ VEINT IN MIR, AZ ICH DARF MICH SHEI- DN
ITZT MIT DIR. MAI- NE GE- DAN- KEN A- HIN -A- HER. MIT
DIR TZU SHEI- DN IZ MIR SHVER. MAI- NE GE- DAN- KEN A-
HIN A- HER, MIT DIR TZU SHEI- DN IZ MIR SHVER

Main hartz weint in mir
Az ch'darf zich sheidn itzt mit dir;
Maine gedanken ahin, aher,
Mit dir tzu sheidn iz mir shver.

Vu forstu main zis lebn,
Vu forstu fun mir avek?
Vu vel ich dich dortn zuchn,
Zog-zhe mir, oif velchn veg?

Fun ershtn shtetele,
Fun ershtn derfele
Dos ershte brivele shraib tzu mir.
Betn, bet ich dich, main zis lebn,
Fargesn zolstu nit on mir.

Vestu kumen tzu a vaserl
Zolstu zich nit trenken;
Vestu kumen tzu an ander meidele,
Zolstu mich gedenken.

מיין האַרץ, מיין האַרץ וויינט אין מיר,
אַז איך דאַרף זיך שיידן איצט מיט דיר;
מיינע געדאַנקען — אַהין־אַהער,
מיט דיר צו שיידן איז מיר שווער.

וואו פֿאָרסטו, מיין זיס־לעבן?
וואו פֿאָרסטו פֿון מיר אַוועק?
וואו וועל איך דיך דאַרפֿן זוכן?
זאָג־זשע מיר, אויף וועלכן וועג?

פֿון ערשטן שטעטעלע, פֿון ערשטן דערפֿעלע,
דאָס ערשטע בריוועלע שרייב צו מיר;
בעטן בעט איך דיך, מיין זיס לעבן,
פֿאַרגעסן זאָלסטו נישט אָן מיר!

וועסטו קומען צו אַ וואַסערל,
זאָלסטו זיך נישט טרענקען;
וועסטו קומען צו אַן אַנדער מיידעלע,
זאָלסטו מיך געדענקען.

# PAPIR IZ DOCH VAIS | פּאַפּיר איז דאָך ווייס

Andante

mf Dm A7 Dm

PA - PIR IZ DOCH VAIS UN TINT IZ DOCH SHVARTZ. TZU DIR, MAIN ZIS LE - BN,

C7 F Gm Dm

TZIT DOCH MAIN HARTZ! CH'VOLT SHTEN - DIK GE - ZE - S'N DRAI TEG NOCH - A -

A F Gm A7 Dm

NAND, TZU KU - SHN DAIN SHEIN PO - NIM UN TZU HAL - TN DAIN HANT.

Papir iz doch vais un tint iz doch shvartz,
Tzu dir, main zis lebn, tzit doch main hartz.
Ich volt shtending gezesen drai teg nochanand
Tzu kushn dain shein ponim un tzu haltn dain hant.

Nechtn bainacht bin ich oif a chasene geven,
Fil sheine meidelech hob ich dort gezen,
Fil sheine meidelech—tzu dir kumt nisht gor—
Mit daine shvartze eigelech un daine shvartze hor.

Dain talye, dain miene, dain eideler fason,
In hartzn brent a faier, men zet es nit on.
Nito aza mentsh, vos zol filn vi es brent,
Der toit un dos lebn iz bai Got in di hent.

Ach, du liber Got, her ois main farlang,
Dem oisher gistu koved, mit a sheinem gang—
Oi, mir, gib a shtibele oif dem groz dem grinen,
Az ich mit main zis-lebn zoln voinen derinen.

פּאַפּיר איז דאָך ווייס און טינט איז דאָך שוואַרץ,
צו דיר, מיין זיס לעבן, ציט דאָך מיין האַרץ!
כ'וואָלט שטענדיק געזעסן דריי טעג נאָכאַנאַנד,
צו קושן דיין שיין פּנים און צו האַלטן דיין האַנט.

נעכטן ביינאַכט בין איך אויף אַ חתונה געווען,
פיל שיינע מיידעלעך האָב איך דאָרטן געזען;
פיל שיינע מיידעלעך, צו דיר קומט נישט גאָר,
צו דיינע שוואַרצע אייגעלעך, צו דיינע שוואַרצע האָר.

דיין טאַליע, דיין מינע, דיין אײדעלער פאַסאָן,
אין האַרצן ברענט אַ פייער, מען זעט עס ניט אָן;
נישטאָ אַזאַ מענטש, וואָס זאָל פילן ווי עס ברענט, —
דער טויט און דאָס לעבן איז ביי גאָט אין די הענט.

אַך, דו ליבער גאָט, הער אויס מיין פאַרלאַנג:
דעם עושר גיסטו כבוד מיט אַ שיינעם גאַנג;
מיר גיב אַ שטיבעלע אויף דעם גראָז דעם גרינעם,
אַז איך מיט מיין זיס־לעבן זאָלן וואוינען דרינען.

# MECHUTENESTE MAINE

# מחותנתטע מיינע

*Allegro*

*mf*

E Dm E

ME - CHU - TE - NES - TE MAI - NE, ME - CHU - TE - NES - TE GE - TRAI - E, OY.

Am E7 Am

LO - MIR ZAIN OIF EI - BIK ME - CHU - TO - NIM. LO - MIR ZAIN OIF EI - BIK ME - CHU -

E7 Dm Bd

TO - NIM. ICH GIB AICH A - VEK MAIN TOCH - TER FAR A SHNUR ZI

E Dm E

ZOL BA AICH NIT ON - VE - R'N DOS PO - NIM.

Mechuteneste maine, mechuteneste getraie,
Lomir zain oif eibik mechutonim.
Ich gib aich avek main tochter far a shnur,
Zi zol bai aich nit onvern dos ponim.

Mechuteneste maine, mechuteneste getraie,
Main kind zolt ir fri nit vekn.
Un tomir vet ir zen an avle oif main kind,
Vi an eigene mame zolt ir dos fardekn.

Mechuteneste maine, mechuteneste getraie,
Oif kinder hobn tut men blut fargisn.
Un tomir vet ir zen az der zun hot lib di
Shnur,
Zol es aich gornit nit fardrisn.

Mechuteneste maine, mechuteneste getraie,
Ich for tzu aich in a parikl.
Nor tomir vet ir zain a shlak, a beize shviger,
Is main tochter oich a shnurl—an antikl!

מחותנתטע מיינע, מחותנתטע געטרייע,
אוי, לאָמיר זיין אויף אייביק מחותנים;
אוי, לאָמיר זיין אויף אייביק מחותנים.
איך גיב אייך אַוועק מיין טאָכטער פֿאַר אַ שנור,
זי זאָל ביי אייך נישט אָנווערן דאָס פּנים.

מחותנתטע מיינע, מחותנתטע געטרייע,
מיין קינד זאָלט איר נישט פרי אויפוועקן,
און טאָמער וועט איר זעט אַן עוולה אויף מיין קינד,
ווי אַ מאַמע זאָלט איר דאָס פֿאַרדעקן.

מחותנתטע מיינע, מחותנתטע מיינע, מחותנתטע
געטרייע,
אויף קינדער האָבן מוז מען בלוט פֿאַרגיסן,
און טאָמער וועט איר זען, אַז דער זון האָט ליב
די שנור,
זאָל עס אייך גאָרניט נישט פֿאַרדריסן.

מחותנתטע מיינע, מחותנתטע געטרייע,
איך פֿאָר צו אייך אין אַ פֿאַריקל,
און טאָמער וועט איר זיין אַ שלאַק, אַ בייזע
שוויגער,
איז מיין טאָכטער אויך אַ שנורל אַן אַנטיקל.

# HECHER, BESER

*Text: M. WARSHAVSKY*

# העכער, בעסער

טעקסט : מ. וואַרשאַווסקי

*Vivo*

HE - CHER. BE - SER, DI ROD, DI ROD MACHT GRE - SER GROIS HOT MICH

GOT GE - MACHT, GLIK HOT ER MIR GE - BRACHT. HU - LIET, KIN - DER, A

GAN - TZE NACHT, DI ME - ZIN - KE OIS - GE - GE - BN, DI ME - ZIN - KE OIS - GE -

GE - BN.

Hecher, beser!
Di rod, di rod, macht greser!
Grois hot mich Got gemacht,
Glik hot er mir gebracht,
Huliet, kinder, a gantze nacht!
Di mizinke oisgegebn! (2)

Shtarker! Freilech!
Du—di malke, ich—der melech!
Oi, oi, ich alein
Hob mit maine oign gezen,
Vi Got hot mich matzliech geven!
Di mizinke oisgegebn! (2)

Itzik, Shpitzik!
Vos shvaigstu mitn shmitzik?
Oif di klezmer gib a geshrei,
Tzi shpiln zei, tzi shlofn zei!
Raist di strunes ale oif tzvei—
Di mizinke oisgegebn! (2)

Aizik—mazik,
Di bobe geit a kozak!
Kein ein-hore zet nor, zet,
Vi zi tupet, vi zi tret,
Oi, a simche, oi, a freid!
Di mizinke oisgegebn! (2)

Motl, Shimen,
Di oreme lait zenen gekumen!
Shtelt far zei dem shenstn tish,
Taiere vainen, taierste fish,
Oi, main tochter, gib mir a kush!
Di mizinke oisgegebn! (2)

העכער ! בעסער !
די ראָד, די ראָד מאַכט גרעסער !
גרויס האָט מיך גאָט געמאַכט,
גליק האָט ער מיר געבראַכט,
הוליעט, קינדער, אַ גאַנצע נאַכט !
די מעזינקע אויסגעגעבן !

שטאַרקער ! פֿריילעך !
דו, די מלכּה, איך, דער מלך !
אוי, אוי, איך אַליין
האָב מיט מיינע אויגן געזען,
ווי גאָט האָט מיך מצליח געווען !
די מעזינקע אויסגעגעבן !

איציק, שפּיציק,
וואָס שווייגסטו מיטן שמיציק ?
אויף די קלעזמער גיב אַ געשריי,
צי שפּילן זיי, צי שלאָפֿן זיי,
רייסט די סטרונעס אַלע אויף צוויי !
די מעזינקע אויסגעגעבן !

אייזיק, מאַזעק,
די באָבע גייט אַ קאָזעק !
אָן עין־הרע, זעט נאָר, זעט,
ווי זי טופּעט, ווי זי טרעט,
אוי, אַ שמחה, אוי, אַ פֿרייד !
די מעזינקע אויסגעגעבן !

מאָטל, שמעון,
די אָרעמע לייט זיינען געקומען !
שטעלט פֿאַר זיי דעם שענסטן טיש,
טייערסטע וויינען, טייערסטע פֿיש,
אוי, מיין טאָכטער גיב מיר אַ קוש !
די מעזינקע אויסגעגעבן !

# AZ ICH VOLT GEHAT

# אַז איך וואָלט געהאַט

*Moderato*

mf

Gm Cm Gm Cm D7 Gm Cm Gm D7 Gm D7 Gm Cm Gm Dm B♭ Cm D7 Gm

AZ ICH VOLT GE - HAT DEM KEI - SERS DITZ - RES, MIT ZAIN GAN - TZER ME-
LU - CHE, VOLT DOS BA MIR NIT GE - VEN A - ZOI NI - CHE, VI
DU BIST BA MIR NI - CHE, MAIN KIND, MAIN SHEINS. AZ ICH DER - ZE
DICH, DUCHT ZICH MIR DI GAN - TZE VELT IZ MAIN,
SHLOF, MAIN KIND. SHLOF MAIN KIND, ZOLST LANG LE - BN UN
ZAIN GE - ZUNT.

Az ich volt gehat dem keisers oitzres,
Mit zain gantzer meluche,—
Volt dos ba mir nit geven azoi niche,
Vi du bist ba mir niche, main kind, main sheins!
Az ich derze dich, ducht zich mir—di gantze velt iz main!

Shlof main kind, shlof, main kind,
Zolst lang lebn un zain gezunt.

Ale briliantn un ale antikn
Konen doch main hartz azoifil nit derkvikn,
Vifil du tust derkvikn, main licht, main sheins.
Mit dir vel ich meinen, az di gantze velt iz main.

Shlof, main kind, shlof, main kind,
Zolst mir ruen un zain gezunt!

אַז איך וואָלט געהאַט דעם קייסערס אוצרות
מיט זיין גאַנצער מלוכה,
וואָלט דאָס ביי מיר ניט געווען אַזוי ניחא,
ווי דו ביסט ביי מיר ניחא, מיין קינד, מיין שיינס!
אַז איך דערזע דיך, דוכט זיך מיר — די גאַנצע וועלט איז מיין!

שלאָף, מיין קינד, שלאָף, מיין קינד,
זאָלסט לאַנג לעבן און זיין געזונט.

אַלע בריליאַנטן און אַלע אַנטיקן
קאָנען דאָך מיין האַרץ אַזוי פיל ניט דערקוויקן,
וויפל דו טוסט דערקוויקן, מיין ליכט, מיין שיין,
מיט דיר וועל איך מיינען, אַז די גאַנצע וועלט איז מיין.

שלאָף, מיין קינד, שלאָף, מיין קינד,
זאָלסט מיר רוען און זיין געזונט!

# TZIPELE

*Text: M. BRODERZON*
*Music: I. GOLDSTEIN*

# ציפּעלע

טעקסט : מ. בראָדערזאָן
מוזיק : י. גאָלדשטיין

*Moderato*

S'HOT DI KLEI- NE TZI- PE- LE FAR- BI- SN ZICH A LI- PE- LE,
TZI- PE- LE. VOS VEIN- STU? AN E- PE- LE, DOS MEIN- STU?
NEIN. NEIN. NEIN. VER ZOGT DOS, AZ ICH VEIN?

S'hot di kleine Tzipele
Farbisn mit a lipele,
Tzipele, vos veinstu? An epele, dos meinstu?
Nein, nein, nein, ver zogt dos, az ich vein?

Es hot di kleine Tzipele
Farknipt ir moil—a knipele.
O, Tzipele, vos veinstu,
Tzvei epelech—dos meinstu?
O, nein, nein, nein—
Ver zogt es, az ich vein?

Un s'treislt zich ir kepele,
Tzuzamen mit ir tzepele.
O, Tzipele, vos veinstu?
Drai epelech—dos meinstu?
O, nein, nein, nein—
Ich wil a kush—nisht mein.

ס׳האָט די קליינע ציפּעלע,
פאַרביסן זיך אַ ליפּעלע,
— ציפּעלע, וואָס וויינסטו,
אַן עפּעלע — דאָס מיינסטו?
— אָ, ניין, ניין, ניין —
ווער זאָגט דאָס, אַז איך וויין?

עס האָט די קליינע ציפּעלע
פאַרקניפּט איר מויל — אַ קניפּעלע.
— אָ, ציפּעלע, וואָס וויינסטו,
צוויי עפּעלעך — דאָס מיינסטו?
— אָ, ניין, ניין, ניין —
ווער זאָגט עס, אַז איך וויין?

און ס׳טרייסלט זיך איר קעפּעלע,
צוזאַמען מיט איר צעפּעלע,
— אָ, ציפּעלע, וואָס וויינסטו,
דריי עפּעלעך — דאָס מיינסטו?
— אָ, ניין, ניין, ניין —
איך וויל אַ קוש — נישט מיין.

# IZ GEVEN

# איז געווען

Con Moto

IZ GE – VEN A KLEIN YI – DE – LE, HOT ER GE – HAT A KLEIN FI – DE – LE,

2. (whistle) MACHT DOS FAI – FE – LE,
3. TRUM, TRUM, TRUM, MACHT DOS PAI – KE – LE.

RAI, RAI, RAI, RA – RA – RA MACHT DOS FI – DE – LE, OY, OY, OY, OY, OY, OY, MACHT DOS YI – DE – LE.

איז געווען אַ קליין אידעלע,
האָט ער געהאַט אַ קליין פידעלע.

מאַכט דאָס פידעלע:
אוי, אוי, אוי,
מאַכט דאָס פידעלע.

איז געווען א. אַז. וו.
אַ שיין פייפעלע, אַ שיין פייפעלע.
פליו־פליו־פליו! פליו־פליו־פליו!
מאַכט דאָס פייפעלע,
אוי, אוי, אוי,
מאַכט דאָס פידעלע.

איז געווען א. אַז. וו.
אַ שיין פייקעלע, אַ קליין פייקעלע.
טראָם־טאָם־טאָם־טאָם!
מאַכט דאָס פייקעלע:
פליו־פליו־פליו! פליו־פליו־פליו!
מאַכט דאָס פייפעלע:
אוי, אוי, אוי,
מאַכט דאָס פידעלע.

געווען א. אַז. וו.
אַ שיין קעצעלע, אַ שיין קעצעלע.
מיאו־מיאו־מיאו! מיאו־מיאו־מיאו!
מאַכט דאָס קעצעלע;
טראָם־טאָם־טאָם! טראָם־טאָם־טאָם!
מאַכט דאָס פייקעלע.

איז געווען א. אַז. וו.
אַ קליין הינטעלע, אַ קליין הינטעלע,
האו־האו־האו! האו־האו־האו!
מאַכט דאָס הינטעלע;

מיאו־מיאו־מיאו . . .
טראָם־טראָם־טאָם . . .
פליו־פליו־פליו . . .
אוי־אוי־אוי,
מאַכט דאָס פידעלע.

# BAI DEM SHTETL

# ביי דעם שטעטל

Allegro

f Em B7 Em B 1. Em 2. Em

BA DEM SHTE - TL SHTEIT A SHTI - BL MIT A KLEI - NEM DACH. UN A - RUM DEM SHTI - BL VAK - SN BEI - ME - LECH A SACH. SACH.

Bai dem shtetl shteit a shtibl
Mit a grinem dach.
Un arum dem shtibl vaksn
Beimelech a sach.

Un der tate mit der mamen,
Chanele mit mir,
Shoin a lange tzait ineinem
Voinen ale fir.

Un der tate arbet, arbet
Ale yorn zaine,
Un er koift undz un er brengt undz
Zachn sheine, faine!

Brengt a hintl vos se havket,
Mitn nomen "Tzutzik."
Brengt a ferdl vas se hirzshet,
Mitn nomen "Mutzik."

Brengt a gandz mit a langn haldz,
Federlech vais vi shnei,
Brengt a hun vos kvoket, kvoket,
Biz zi leigt an ei!

Nemt di mame, ot di eier,
Oi, iz dos a moifes!
Zetzst zi aroif oif zei a kvoke:
Hobn mir sheine oifes!

ביי דעם שטעטל שטייט אַ שטיבל
מיט אַ קליינעם דאַך,
און אַרום דעם שטיבל וואַקסן
ביימעלעך אַ סך.

און דער טאַטע מיט דער מאַמען,
חנה׳לע מיט מיר, —
שוין אַ לאַנגע צייט אינאיינעם,
וואוינען אַלע פיר.

און דער טאַטע אַרבעט, אַרבעט
אַלע יאָרן זיינע,
און ער קויפט אונדז און ער ברענגט אונדז
זאַכן שיינע, פיינע.

ברענגט אַ הינטל, וואָס סע האַווקעט,
מיט דעם נאָמען צוציק.
ברענגט אַ פערדל, וואָס סע הירזשעט,
מיט דעם נאָמען מוציק;

ברענגט אַ גאַנדז מיט אַ לאַנגן האַלדז,
פעדערלעך ווייס ווי שניי;
ברענגט אַ הון, וואָס קוואָקעט, קוואָקעט,
ביז זי לייגט אַן איי.

נעמט די מאַמע אָט־די אייער,
אוי, איז דאָס אַ מופת!
זעצט זי אַרויף אויף זיי אַ קוואָקע,
האָבן מיר שיינע עופות!

